


# וועלט=קאָנגרעס
# פון די פרידנסליבנדיקע
# קרעפטן

# פאַר א יוישערדיקן, דעמאָקראטישן שאָלעם, פאַר זיכערהײַט פון די פעלקער און צווישנפעלקערלעכער מיטאַרבעט

## רעדע פון גענעראַל־סעקרעטאַר פונעם צק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד כאַווער ל. אי. ברעזשנעוו, געהאַלטן דעם 26 אָקטיאַבער 1973, אין מאָסקווע

טײַערע פרײַנט! כאַשעווע געסט! כאַווײרים!

עס פאַרשאַפט מיר עמעסע פרייד די מעגלעכקײַט הארציק צו באַגריסן אײַך, די פאָרשטייער פון די פרידנסליבנדיקע קרעפטן פון אונדזער פּלאַנעטע, אין נאָמען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. (אַפּלאָדיסמענטן.)

נעכטן זײַנען פון דער דאָזיקער טריבונע ארויסגעטראָטן אונדזער פרײַנט ראָמעש טשאַנדראַ און דעלעגאַטן פון א ריי אווטאָריטעטע צווישנפעלקערלעכע אָרגאַניזאַציעס, זיי האָבן געזאָגט וואַרעמע, גוטע ווערטער וועגן אונדזער לאַנד, וועגן זײַן צווישנפעלקערלעכער פּאָליטיק. מיר זײַנען טיף דאַנקבאַר פאַר די דאָזיקע ווערטער. דער באַשלוס צו אויסקלײַבן אונדזער הויפּטשטאָט מאָסקווע אלס אָרט פאַר דער אַרבעט פונעם קאָנגרעס וועט דינען פאַר אלע סאָוועטישע מענטשן אלס סטימול דערצו, זיי זאָלן ווײַטער פאַרשטאַרקן דעם קאַמף פאַר שאָלעם, פרײַהײַט און זיכערהײַט פון די פעלקער.

די געשיכטע פון דער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג פאַר שאָלעם ווייסט פון ניט ווייניק באַגײַסטערנדיקע בײַשפּילן. איך וואָלט אָבער וועלן פאַרייניקן זיך צו דער מיינונג, וואָס איז דאָ שוין ארויסגעזאָגט געוואָרן, אז עס איז נאָך קיינמאָל ניט געווען א צווישנפעלקערלעכער פאָרום פון אזא מאַסשטאַב, אזא רעפּרעזענטאַטיווע פאַרזאַמלונג, ווי דער איצטיקער צווישנפעלקערלעכער קאָנגרעס פון די פרידנסליבנדיקע קרעפטן.

אין אָט דעם זאַל האָבן זיך פאַרזאַמלט דעלעגאַציעס פון די קעמפער פאַר שאָלעם פון די לענדער פונעם סאָציאַליזם, פון די בורזשואַזע מעלוכעס, פון די זיך אנטוויקלענדיקע לענדער.

אין אָט דעם זאַל זעען מיר פאָרשטייער פון פאַרשיידענע פּאָליטישע ריכטונגען: פון אונדזערע ברידער לויטן קאַמף פאַר א בעסערער צוקונפט אויף דער וועלט — קאָמוניסטן, פון די טוער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פאָרשטייער פון די רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען און פון דער נאַציאָנאַלער באַפרײַונגס־באַוועגונג. דאָ געפינען זיך טוער פון פּאָליטישע פּאַרטייען פון אנדערע ריכטונגען. עס זײַנען דאָ אָנוועזנד אויך אומפּאַרטייִישע מענטשן, וועלכע זײַנען טיף פאַרינטערעסירט אין דער צוקונפט פון זייערע פעלקער. דאָ זײַנען זיך צונויפגעקומען צוזאַמען אטעיִסטן און גלויבנדיקע.

צווישן דעם אוילעם אין דעם דאָזיקן זאַל זעען מיר אַרבעטער, פּויערים, טוער פון דער וויסנשאַפט און קונסט, פאָרשטייער פון דער גאַנצער אינטעליגענץ, דאָס הייסט מענטשן, וואָס זייערע הענט, זייער פאַרנונפט, זייער שעפּערישע באַגײַסטערונג שאַפן אלע מאַטעריעלע און

גײַסטיקע ווערטן אף אונדזער פּלאַנעטע. פון אייביק אָן זײַנען שאָלעם און מי צווישן זיך פאַרבונדן. מילכאָמעס ברענגען צו עקספּלואַטאַציע און דרוק, אָבער דער קוואַל פון שאָלעם איז אין דער אונטערשטער שורע שטענדיק געווען דער אַרבעטס־מאַן. באַם ווערקשטעל אָדער שמעלץ־אויוון, באַם רודער פונעם טראַקטאָר, אף די רישטעוואַניעס, אף דער אוניווערסיטעט־קאַטעדרע אָדער אין דער וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישער לאַבאָראַטאָריע האָט דער דאָזיקער מענטש זיך שטענדיק געבייטיקט אין שאָלעם.

אינעם קאָנגרעס נעמען אָן אָנטייל אויך פאָרשטייער פון דער געשעפטלעכער וועלט פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, פון יענע קרײַזן אירע, וועלכע זײַנען פאַר א קעגנזײַטיק לױנבאַרער עקאָנאָמישער מיטאַרבעט פון אַלע לענדער פון דער פּלאַנעטע. און דאָס באַווײַזט אָן איבעריק מאָל, ווי ברייט עס איז דער יעסאָד, אף וועלכן עס באַזירט זיך די איידלמוטיקע באַוועגונג פון די פרידנסליבנדיקע קרעפטן.

איך וואָלט וועלן באַזונדערס אָפּמערקן אַזאַ נײַע דערשײַנונג, וועלכע איז פון אונדזער שטאַנדפּונקט א פריידיקע, ווי דער פאַקט, וואָס אינעם קאָנגרעס פון די פרידנסליבנדיקע קרעפטן באַטייליקן זיך פאָרשטייער פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס, אויך פון אירע קאָמיטעטן און ספּעציאַליזירטע אינסטיטוציעס. מיר האַלטן דאָס פאַר א גרויס־וויכטיקן פאַקט, אף וויפל די הויפּט־צילן און אויפגאַבן פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס, וועלכע זײַנען פאַרפיקסירט אין איר סטאַטוט, פאַלן צונויף מיט די צילן און שטרעמונגען פונעם געגעבענעם קאָנגרעס: מיט אַלע מעגלעכקײַטן מיטווירקן דעם שאָלעם אף דער וועלט און די פּרוכטבאַרע מיטאַרבעט צווישן די מעלוכעס און פעלקער.

טײַערע פרײַנט!

אין מעשעך פון פיל דורות האָבן די מענטשן — יעדנפאַלס די קליגסטע צווישן זיי — ניט אויפגעהערט צו פאַרורטיילן און פאַרשילטן די מילכאָמע. די פעלקער האָבן געטרוימט וועגן א פעסטן שאָלעם, דאָך אָבער ליגט די וויסטע שײַן פון מילכאָמע־סרייפעס, גרויסע און קליינע, קימאַט אף יעדן זײַטל פון דער מענטשלעכער געשיכטע.

ניט די לעקציעס פון דער געשיכטע, ניט דער פאַרן מענטשן, דוכט זיך, נאַטירלעכער האַס צו קעגנזײַטיקער אויסראָטונג האָבן ניט געקאָנט אויסהיטן פון אָן אָרדנטלעכער בלוטיקער שכיטע, ווײַל צו גרויס זײַנען געווען די מילכאָמע־קרעפטן, צו גרויס די ראָליע פון יענע, וועמען מילכאָמעס לוינען.

די לאַגע האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט אין אונדזער עפּאָכע. הײַנט האָט דער קאַמף קעגן מילכאָמע א זיכערן יעסאָד — די מעכטיקע קרעפטן פון שאָלעם, דעמאָקראַטיע, פרײַהײַט און אומאָפּהענגיקײַט פון די פעלקער.

כאַשעווע אָנטיילנעמער פונעם קאָנגרעס! אין נאָמען פון דעם 250־מיליאָניקן סאָוועטישן פאָלק, אין נאָמען פון זײַן קאָמוניסטישער פּאַרטיי און סאָוועטן־רעגירונג דערלויבט מיר צו פאַרזיכערן אײַך, אַז די זאָרג וועגן פאַרפעסטיקן דעם שאָלעם איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון אונדזער מעלוכע. (אַפּלאָדיסמענטן.)

„פרידן — די פעלקער!‟ — אָט דאָס איז איינער פון די גרונט־לאָזונגען, וואָס אונטער אים האָבן די אַרבעטנדיקע פון אונדזער לאַנד מיט זעקס און פופציק יאָר צוריק, אינעם ברען פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, דורכגעפירט די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. און דער ערשטער געזעצגעבערישער אַקט פון דער ערשטער אין דער וועלט סאָציאַליסטישער מעלוכע איז געווען דער דעקרעט וועגן שאָלעם, וועלכן עס האָט אָנגעשריבן וו. אי. לענין.

ווענדנדיק זיך אין אָט דעם היסטאָרישן דאָקומענט ניט בלויז צו די רעגירונגען, נאָר אויך צו די פעלקער פון אַלע לענדער, האָט די אַרבעטער־פּויערישע רעגירונג פון סאָוועטן־רוסלאַנד אויסגעדריקט די ניטגעוואַקלטע שטרעבונג פון אונדזער מעלוכע, אַז דער שאָלעם זאָל זײַן א יוישערדיקער, א דעמאָקראַטישער. איך באַטאָן — א שאָלעם א יוישערדיקער, א שאָלעם א דעמאָקראַטישער, דאָס הייסט א שאָלעם, וואָס איז באַזירט אף אַכטונג צו די רעכט און אינטערעסן פון אַלע פעלקער. און אין די אַלע יאָרן, וועלכע זײַנען פאַרלאָפן נאָכן גרויסן אָקטיאַבער, האָבן מיר פעסט און קאָנסעקווענט געקעמפט און מיר קעמפן פאַרן טריומף פון גראָד אַזאַ שאָלעם אף אונדזער פּלאַנעטע. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

דאָס סאָוועטישע פאָלק, וואָס האָט אינעם קאַמף קעגן פאַשיזם פאַרלאָרן מער פון 20 מיליאָן לעבנס פון זײַנע בירגער, ווייסט גוט, וואָס עס איז אַזוינס א מילכאָמע און וועלכע אומצאָליקע ליידן זי פאַרשאַפט די מענטשן. די גרויסע פאָטערלענדישע מילכאָמע איז פאַר אונדז, סאָוועטישע מענטשן, געווען א קאַמף ניט בלויז פאַר דער פרײַהײַט און אומאָפּהענגיקײַט פון אונדזער היימלאַנד. דאָס איז געווען גלײַכצײַטיק אויך א שלאַכט פאַר ראַטעווען די וועלט־ציוויליזאַציע, פאַר דעם קינפטיקן יוישערדיקן שאָלעם. אין לויף פונעם גאַנצן נאָכמיל־

כאָמע־פעריאָד האָט דאָס סאָוועטן־לאַנד אומדערמידלעך געקעמפט פאַר א פעסטן שאָלעם און זיכערהײַט פון די פעלקער.

אַן אויסדרוק פון דער קאָנסעקווענטער שאָלעם־פּאָליטיק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד און פון דער סאָוועטן־מעלוכע אינעם הײַנטיקן עטאַפּ איז געוועזן די שאָלעם־פּראָגראַם, וועלכע עס האָט אָנגענומען דער XXIV פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. ארויסשטעלנדיק די דאָזיקע פּראָגראַם, האָבן מיר אונדזער אופגאַבע געזען דערין, אז מיר זאָלן מיטהעלפן צו ליקווידירן די קוואַלן פון אָנגעשטרענגטקײַט, העלפן דער מענטשהײַט צו באַפרײַען זיך פונעם שאָטן פון א נוקלעאַרער קאַטאַסטראָפע, וואָס הענגט איבער איר, מיטהעלפן מיט אַלע מעגלעכקײַטן צו לינדערן די אָנגעשטרענגטע אַטמאָספער. און לעשעם אָט די אידלמוטיקע צילן, לעשעם דעם גליק פון דער גאַנצער האָרעפאַשנער מענטשהײַט אַרבעטן מיר און וועלן אַרבעטן אומדערמידלעך! (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

I

טײַערע פרײַנט! אײַער קאָנגרעס האָט זיך פאַרזאַמלט אין זייער א באַטײַטפולן, פאַראַנטוואָרטלעכן היסטאָרישן מאָמענט.

דער דויערנדיקער און אײַנגעשפּאַרטער קאַמף פון די פעלקער קעגן דעם אויסברוך פון א נײַער וועלט־מילכאָמע, פאַר א פעסטן שאָלעם און צווישנפעלקערלעכער זיכערהײַט האָט אין די לעצטע יאָרן אָפּגעהאַלטן ערנסטע דערפאָלגן.

אויב ריידן וועגן דעם וויכטיקסטן, דאַרף מען זאָגן, אז די געפאַר פון א וועלט־מילכאָמע מיטן אָנטייל פון ראַקעטן און נוקלעאַרן געווער, וועלכע הענגט איבער דער מענטשהײַט נאָך זינט דער צווייטער העלפט פון די פערציקער יאָרן, — די דאָזיקע סאַקאָנע האָט אָנגעהויבן קלענער ווערן, די פּערספּעקטיוון צו פאַרהיטן דעם אַלגעמיינעם שאָלעם זײַנען געוואָרן בעסערע און מער זיכערע, איידער מיט צען — צוועלף יאָר צוריק. דאָס קאָן מען זאָגן מיט דער גאַנצער זיכערקײַט. (אַפּלאָדיסמענטן.)

אַלץ א ברייטערע אָנערקענונג באַקומען די פּרינציפּן פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ צווישן מעלוכעס מיט א פאַרשיידענער סאָציאַלער אָרדענונג. די דאָזיקע פּרינציפּן ווערן אַלץ מער אָנגעזעטיקט מיט א קאָנקרעטן אינהאַלט און ווערן בעהאַדראָגעדיק פאַרוואַנדלט אין א נאָרמע פונעם צווישנפעלקערלעכן לעבן, אַן אָנגענומענע פון אַלעמען.

באַדײַטנדיקע פּאָרשריטן זײַנען די לעצטע יאָרן פאָרגעקומען, באַזונדערס, אין די באַציונגען פון די סאָציאַליסטישע מעלוכעס מיט די לענדער פון מײַרעוו־אייראָפּע — מיט פראַנקרײַך, וואָס האָט איינס פון די ערשטע געשטעלט זיך אויפן וועג פון קאָנסטרוקטיווער מיטאַרבעט צווישן מעלוכעס מיט א פאַרשיידענער סאָציאַלער אָרדענונג, מיט דער פעדעראַטיווער רעפּובליק פון דײַטשלאַנד, מיט איטאַליע און מיט א ריי אַנדערע מעלוכעס. איינע פון די סאַמע באַדײַטנדיקע אַנטוויקלונגען אינעם קער צום בעסערן אין דער גאַנצער סיסטעם פון די צווישנפעלקערלעכע באַציונגען זײַנען געוואָרן די אָפּמאַכן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, פּוילן און פון דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק מיט דער פעדעראַטיווער רעפּובליק פון דײַטשלאַנד. די אָנטיילנעמער פונעם קאָנגרעס איז גוט באַקאַנט, אז די דאָזיקע אָפּמאַכן זײַנען באַזירט אויפן אָנערקענען די ניט־אָפּגעפּרעגטקײַט פון די עקזיסטירנדיקע גרענעצן, זיי אַנטהאַלטן היסכײַוועסן פון די צדאָדים וועגן אָפּזאָגן זיך פון אָנווענדן קויעך באַם לייזן צווישנפעלקערלעכע פראַגן.

דאָס אַלץ האָט בעפּיירעש געענדערט צום בעסערן די סיטואַציע אין אייראָפּע — אויפן דעם קאָנטינענט, ווו עס האָבן זיך אָנגעהויבן ביידע וועלט־מילכאָמעס. דער קאָנצענטרירטער אויסדרוק פון די פּאָזיטיווע ענדערונגען, וועלכע זײַנען דאָ פאָרגעקומען, איז געוואָרן די אַלגעמיין־אייראָפּעיִשע באַראַטונג. שוין דער עצעם פאַקט פון צונויפרופן אַזאַ באַראַטונג, וואָס פאַר איר האָבן אַזאַ לאַנגע צײַט געקעמפּט די פאָרגעשריטענע קרעפטן פונעם קאָנטינענט, דער פאַקט, וואָס אין איר נעמען פּראַקטיש אָנטייל אַלע אייראָפּעיִשע מעלוכעס, די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, עס ווערן געמיינזאַם באַהאַנדלט די פראַגן פון זיכערן דעם שאָלעם און די געפאַרלאָזיקײַט אין אייראָפּע און פון אײַנרעגולירן די פרידלעכע מיטאַרבעט, — שוין דאָס אַליין איז א היפּשע דערגרייכונג.

עס איז באַוווּסט, אז די לעצטע צוויי יאָר האָבן געבראַכט מיט זיך פּאָזיטיווע ענדערונגען אין די פאַרהעלטענישן צווישן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד און די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. די פאַרשטענדיקונגען, וועלכע זײַנען געשלאָסן געוואָרן בײַס אונדזערע באַגעג־

נישן מיטן פּרעזידענט פון פּשאַ — אין מאָסקווע אין מײַ 1972 און אין וואַשינגטאָן אין יוני פונעם זעלבן יאָר, האָבן געעפנט דעם וועג דערצו, אַז אין די סאָוועטיש־אַמעריקאַנישע באַציִונגען זאָל פאַרקומען אַן אַריבערגאַנג פון קאָנפראָנטאַציע צו פּאַנאַנדערלאָדונג, נאָרמאַליזירונג און קעגנזײַטיק לויִנבאַרער מיטאַרבעט. לויט אונדזער טיפער איבערצײַגונג איז דאָס אין הסכּם מיט די אינטערעסן סײַ פון די פעלקער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד און פון פּשאַ, סײַ פון אַלע אַנדערע לענדער, ווײַל דאָס דינט דער פאַרפעסטיקונג פון דער צווישנפעלקערלעכער זיכערקײַט.

אין די לעצטע יאָרן האָט זיך אַ סך געענדערט אויך אין אַזעלכע ראַיאָנען, וועלכע זײַנען וויכטיק פונעם שטאַנדפּונקט פון צווישנפעלקערלעכער זיכערהײַט, ווי דאָרעם־מיזרעך־אַזיע און דער ווײַטער מיזרעך. אַ געשעעניש פון אַ וועלט־באַדײַטונג איז געוואָרן דאָס אָפּשטעלן די מילכאָמע אין וויעטנאַם. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.) דאָס איז קוידעמקאָל אַ זיג פונעם העראָישן וויעטנאַמישן פאָלק. (אַפּלאָדיסמענטן.) דאָס איז אויך אַ זיג פון די סאָציאַליסטישע מעלוכעס, וועלכע האָבן אָן אופהער געגעבן עפעקטיווע הילף וויעטנאַם אין זײַן יוישערדיקן קאַמף. צוזאַמען דערמיט איז דאָס אַ זיג פון אַלע שאָלעם־קרעפטן, וועלכע זײַנען אַקטיוו אַרויסגעטראָטן פאַר אָפּשטעלן די אימפּעריאַליסטישע אַגרעסיע אין אינדאָכינע. די געזעלשאַפטלעכע קרײַזן, וועלכע טרעטן אַרויס פאַר שאָלעם, באַגריסן אופריכטיק די אײַנשטעלונג פון נאָרמאַלע באַציִונגען אין דאָרעם־אַזיע, — איך מיין דאָ די באַציִונגען צווישן אַזעלכע מעלוכעס, ווי אינדיע, פּאַקיסטאַן, באַנגלאַדעש. אין אַ סך געביטן אַנטוויקלען זיך גוטע באַציִונגען צווישן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד און די אַנדערע סאָציאַליסטישע לענדער מיט יאַפּאָניע. איינער פון די באַווײַזן דערפון זײַנען די סאַכאַקלען פונעם וויזיט קיין מאָסקווע, וועלכן עס האָט ניט לאַנג צוריק געמאַכט דער פּרעמיער־מיניסטער פון אָט דעם לאַנד.

די ליקווידאַציע פון אַ ריי מילכאָמע־נעסטן, די ערשטע שריט אין פּראַט פון באַגרענעצן דעם באַוואָפענונגס־געיעג, די סעריע וויכטיקע צווישנפעלקערלעך־יורידישע אַקטן און די שטענדיקע פּאָליטישע קאָנסולטאַציעס צווישן די מעלוכעס מיט אַ פאַרשיידענער סאָציאַלער אָרדענונג, — דאָס אַלץ זײַנען גאַנץ באַשײַמפּערלעכע שטריכן פון טיפע ענדערונגען אינעם צווישנפעלקערלעכן לעבן. וועגן דעם זעלבן ריידן אויך די אַלץ ברייטערע מאַסשטאַבן פון דער צווישנפעלקערלעכער מיטאַרבעט אין געביט פון עקאָנאָמיק, וויסנשאַפטלעך־טעכנישע פראַגן און קולטור. קורץ, די דערפאָלגן אינעם קאַמף פאַר צווישנפעלקערלעכער זיכערהײַט זײַנען אַ רעאַלער פאַקט, און די פעלקער באַגריסן דאָס הייס. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

פאַרשטייט זיך, מיר זײַנען רעאַליסטן, און מיר זעען גלײַכצײַטיק פאַקטן אויך פון אַן אַנדער כאַראַקטער. מיר אַלע ווייסן זייער גוט, אַז עס איז נאָך ווײַט צום סאָף פון מילכאָמעס און פון שאַרפע צווישנפעלקערלעכע קריזיסן. אויף דער וועלט קומען נאָך פאָר אַגרעסיע־אַקטן, ווײַט ניט אַלע פעלקער קאָנען זיך פילן אויסער געפאַר. און אויך מיר זײַנען אַרומגעכאַפּט מיט יענעם אומרו, וועלכן עס האָבן דאָ אַרויסגעזאָגט אין צוזאַמענהאַנג דערמיט אָנגעזעענע פאָרשטייער פון דער וועלט־עפנטלעכקײַט.

די אַקטן פון אַגרעסיע און געוואַלט איבער פעלקער האָבן אָבער פריִער קיינמאָל ניט אַרויסגערופן אַזאַ אַלגעמיינעם צאָרן, פּראָטעסט און אַקטיווע קעגנווירקונג, ווי דאָס קומט פאָר אין אונדזערע טעג. אין אַזעלכע פאַלן זײַנען פריִער קיינמאָל ניט געקומען אין באַוועגונג אַזעלכע מעכטיקע מעלוכישע און געזעלשאַפטלעכע קרעפטן, קעדיי אָפּשטעלן דעם אַגרעסאָר, אויסלעשן די צעפלאַקערטע מילכאָמע־סרייפע, פאַרפעסטיקן די יעסוידעס פון שאָלעם. און דאָס איז שוין אויך אַ גרויסע דערגרייכונג. (אַפּלאָדיסמענטן.)

לויט אונדזער טיפער איבערצײַגונג, איז די הויפּט־טענדענץ אין דער אַנטוויקלונג פון די הײַנטצײַטיקע צווישנפעלקערלעכע באַציִונגען — דער קער פונעם „קאַלטן קריג“ צו אַ לינדערונג פון דער אָנגעשטרענגטקײַט, דער קער פון אַ קריגס־קאָנפראָנטאַציע צו דער פאַרפעסטיקונג פון דער זיכערהײַט, צו פרידלעכער מיטאַרבעט.

פאַרוואָס איז געוואָרן מעגלעך אַזאַ קער?

בײַ אונדז איז קיין צווייפל ניטאָ, אַז דער איקער איז דאָ — די אַלגעמיינע ענדערונג אין דער קרעפטן־פאַרהעלטעניש אויף דער וועלט־אַרענע. אַן ענדערונג צום שאָדן די אָנהענגער פון „קאַלטן קריג“, פון אַ באַוואָפענונגס־געיעג, צום שאָדן די ליבהאָבער פון פאַרשיידענע מילכאָמע־אַוואַנטורעס, אַן ענדערונג צוגונסטן די קרעפטן פון שאָלעם און פּראָגרעס. (אַפּלאָדיסמענטן.)

עס איז שווער צו איבערשאַצן די ראָליע, וועלכע די קרעפטן פונעם סאָציאַליזם, די סאָציאַליסטישע געמיינשאַפט שפּילן אין די פּאָזיטיווע פאַרשריטן, וועלכע קומען פאָר אין אונדזער צײַט. זײַן קאַמף פאַר פאַרבעסערן און פאַרפעסטיקן דעם שאָלעם פירט דער סאָוועטנפאַרבאַנד צוזאַמען מיט זײַנע גוטע פרײַנט און מיינונגס־קאָלעגן — מיט די לענדער

פֿון דער סאָציאַליסטישער געמיינשאַפֿט. אין דער גאַנצער וועלט ווייסט מען דעם גרויסן צושטײַער, וועלכן עס טראָגן ארײַן בולגאַריע, אונגאַרן, די דײַטשישע דעמאָקראַטישע רעפּובליק, פּוילן, רומעניע, טשעכאָסלאָוואַקיע אינעם פֿאַרפֿעסטיקן דעם שאָלעם און אַנטוויקלען די צווישנפֿעלקערלעכע מיטאַרבעט, באַזונדערס אינעם פֿאַרפֿעסטיקן די אייראָפּעיִשע זיכערהײַט. אַלס אַקטיווער אָנהענגער פֿון שאָלעם טרעט אַרויס די סאָציאַליסטישע יוגאָסלאַוויע.

א וואַזנטלעכער פֿאַקטאָר פֿון שאָלעם און זיכערהײַט אין אַזיע איז די קאָנסעקווענטע פֿרידנסליבנדיקע פּאָליטיק פֿון דער מאָנגאָלישער פֿאָלקס־רעפּובליק. די דעמאָקראַטישע רעפּובליק וויעטנאַם האָט אַרויסגעוויזן די גרעסטע מוט אינעם קאַמף קעגן דער באַוואָפֿנטער אינטערווענץ פֿונעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם און האָט ארײַנגעטראָגן א גרויסן פּאָליטישן צושטײַער אינעם ליקווידירן די געפֿערלעכע מילכאָמע־נעסט אין דאָרעם־מיזרעך־אַזיע. (אַפּלאַדיסמענטן.) א ברייטן פּאָליטישן אָפּקלאַנג אין גאָר דער וועלט האָט געפֿונען די איניציאַטיוו פֿון דער קאָרייִשער פֿאָלקס־דעמאָקראַטישער רעפּובליק אין פֿראַט פֿון דער פֿרידלעכער ווידער־פֿאַרייניקונג פֿון קאָרייע.

די רעוואָלוציאָנערע קובע, דאָס ערשטע לאַנד פֿון סאָציאַליזם אין לאַטײַן־אַמעריקע, טוט א סאַך אויף און פֿראַט פֿון פֿאַרפֿעסטיקן אין די צווישנפֿעלקערלעכע באַציִונגען די פּרינציפּן פֿון שאָלעם, פֿרײַהײַט און אומאָפּהענגיקײַט פֿון די פֿעלקער. (אַפּלאָדיסמענטן.)

מיר ווילט זיך פֿון דער טריבונע פֿונעם קאָנגרעס אויסדריקן פֿונעם גאַנצן האַרצן די געפֿילן פֿון טיפֿער אַכטונג פֿון די קאָמוניסטן פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, פֿון אַלע סאָוועטישע מענטשן צו די ברידערלעכע לענדער פֿון סאָציאַליזם, צו זייער פּרינציפּיעלער און קאָנסעקווענטער פֿרידנסליבנדיקער אויסערן־פּאָליטיק. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

א כאַראַקטער־שטריך אין די צווישנפֿעלקערלעכע פֿאַרהעלטענישן פֿון די לעצטע יאָרן זײַנען די פּילצאָליקע דיאַלאָגן, וועלכע קומען פֿאָר צווישן די אָנפֿירער פֿון פֿאַרשיידענע מעלוכעס. אין אונדזער צײַט ווערט די עמעסע ראָליע און די פּאָליטישע וואָג פֿון א מעלוכע־טוער אין א היפּשער מאָס פֿעסטגעשטעלט לויט דעם, אַף וויפֿל ער פֿאַרשטייט די באַדײַטונג פֿון דער פּראָבלעם וועגן אײַנהיטן און פֿאַרפֿעסטיקן דעם שאָלעם און וואָס פּראַקטיש טוט ער אין פֿראַט פֿון לייזן די דאָזיקע וויכטיקסטע פּראָבלעם פֿון דער הײַנטיקער צײַט.

אין דעם זין פֿאַרדינען א גוט וואָרט יענע מעלוכע־טוער פֿון די מײַרעוו־לענדער, וועלכע שטרעבן בײַצוקומען די אינערציע פֿונעם „קאַלטן קריג” און שטעלן זיך אַף א נײַעם וועג — אַפֿן וועג פֿון א פֿרידלעכן דיאַלאָג מיט די מעלוכעס, וואָס געהערן צו אַן אַנדער סאָציאַלער סיסטעם. מיר זעען אויך דעם קאַמף, וואָס קומט פֿאָר אין די מײַרעוו־לענדער צווישן די אָנהענגער און קעגנער פֿון א לינדערונג פֿון דער צווישנפֿעלקערלעכער אָנגעשטרענגטקײַט, מיר זעען אויך די באַשטימטע אומקאָנסעקווענטקײַט אין די פּאָזיציעס פֿון די אָדער אַנדערע מעלוכעס בענעגייע פֿאַרשיידענע פֿראַגן. אַזוי, אַז צוליב דעם ווײַטערדיקן גאַנג פֿאָרויס אַפֿן וועג פֿון פֿאַרפֿעסטיקן דעם שאָלעם זײַנען נאָך נייטיק היפּשע אָנשטרענגונגען. וואָס אָנבאַלאַנגט אונדז, זײַנען מיר גרייט דערצו. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

אַנאַליזירנדיק די קוואַלן און די סיבעס פֿונעם איצטיקן קער אין דער וועלט־אַטמאָספֿער, דאַרף מען באַטאָנען די גרויסע ראָליע, וועלכע עס שפּילן אין דעם דאָזיקן פּראָצעס יענע מעלוכעס, וואָס האָבן זיך באַפֿרײַט פֿונעם קאָלאָניאַלן יאָך און האָבן זיך דערשלאָגן צו נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקײַט.

דער גאַנצער גאַנג פֿון דער נאָכמילכאָמעדיקער אַנטוויקלונג האָט איבערצײַגנדיק באַוויזן: קאָלאָניאַליזם און אַגרעסיע, פּאָליטיק פֿון קאָלאָניאַלן דרוק און פּאָליטיק פֿון קראַפֿט — דאָס זײַנען, אין טאָך, צוויי זײַטן פֿון איין מעדאַל. דעריבער איז טיף באַרעכטיקט דאָס, וואָס אינעם עצעם נאָמען פֿון אײַער קאָנגרעס איז דער קאַמף פֿאַר שאָלעם אָנגעבונדן אין ענגער פֿאַרבינדונג מיטן קאַמף פֿאַר נאַציאָנאַלער באַפֿרײַונג. (אַפּלאָדיסמענטן.)

די דאָזיקע פֿאַרבינדונג איז צו זען מיט א באַזונדערער אָנשוילעכקײַט אַפֿן בײַשפּיל פֿונעם פֿיליאָריקן קאַמף פֿאַר באַפֿרײַונג, וועלכן עס האָט געפֿירט דאָס העראָיִשע וויעטנאַמישע פֿאָלק. איך מיין, אַז מיר אַלע זײַנען מאַסקים, אַז טאַקע דער דערפֿאָלג פֿונעם וויעטנאַמישן פֿאָלק אינעם קאַמף קעגן דער אַגרעסיע און דאָס, וואָס עס האָט דערפֿאָלגרײַך פֿאַרטיידיקט זײַן פֿרײַהײַט און אומאָפּהענגיקײַט, שאַפֿן א יעסאָד פֿאַר א פֿעסטן און יוישערדיקן שאָלעם. (אַפּלאָדיסמענטן.) מיר זײַנען איבערצײַגט, אַז בלויז אַפֿן סמאַך פֿון אַכטונג צו דער פֿרײַהײַט, אומאָפּהענגיקײַט און סוווערעניטעט פֿון אַלע פֿעלקער פֿון דעם דאָזיקן ראַיאָן קאָנען ענדגילטיק אײַנגעשטעלט ווערן דער שאָלעם און די זיכערהײַט אין דאָרעם־מיזרעך־אַזיע.

און צי דען איז ניט קלאָר, אַז דער קאַמף פֿון די אַראַבישע פֿעלקער פֿאַר ליקווידירן די פֿאָלגן פֿון דער יִסראָעל־אַגרעסיע איז אין דער זעלבער צײַט א קאַמף פֿאַר אײַנשטעלן א פֿעסטן און יוישערדיקן שאָלעם אַפֿן נאָענטן מיזרעך. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

די אָנגעשטרענגטקײַט אין אָט דעם ראַיאָן האָט שוין צום פערטן מאָל געבראַכט צו אַ מילכאָמע־אויפרײַס. די קריגס־אָפעראַציעס אין הײַנטיקן כוידעש זײַנען דערגאַנגען צו אַן אומגעזעענער אינטענסיווקײַט, האָבן געבראַכט צו פילצאָליקע קאָרבאָנעס פון ביידע צדאָדים, דערונטער צווישן דער ציווילער באַפעלקערונג, אין רעזולטאַט פון באַרבאַרישן באָמבירן פרידלעכע שטעט און דערפער פון מיצראַיִם און סיריע. די לעצטע געשעענישן האָבן מיט אַ באַזונדערער באַשײַמפערלעכקײַט דעמאָנסטרירט פאַר דער גאַנצער וועלט, ווי געפערלעך עס איז די לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן אויפן נאָענטן מיזרעך, ווי דרינגענדיק נייטיק עס איז צו ענדערן זי.

דער פאַקטישער גאַנג פון די געשעענישן איז אײַך, געוויס, גוט באַקאַנט. איך וועל זיך דעריבער אָפשטעלן דאָ אַף דער פרינציפיעלער זײַט פון דער פראַגע. אין וואָס באַשטייען די גרונט־סיבעס פון די מילכאָמע־קאָנפליקטן, וואָס זײַנען פעריִאָדיש פאָרגעקומען אין אָט דעם ראַיאָן, דערונטער אויך פון דער איצטיקער מילכאָמע? פון אונדזער שטאַנדפונקט איז דער ענטפער קלאָר — דאָס פאַרכאַפן מיצאַד ייִסראָעל אין רעזולטאַט פון אַן אַגרעסיע אַראַבישע טעריטאָריעס, די אַקשאָנעס פון טעל־אוויוו, וואָס וויל זיך ניט רעכענען מיט די געזעצלעכע רעכט פון די אַראַבישע פעלקער, דאָס אונטערהאַלטן די דאָזיקע אַגרעסיווע פאָליטיק מיצאַד יענע קרעפטן פון דער קאַפיטאַליסטישער וועלט, וועלכע ווילן שטערן דער פרײַער און אומאָפהענגיקער אַנטוויקלונג פון די פראָגרעסיווע אַראַבישע מעלוכעס.

אין מעשעך פון די לעצטע יאָרן האָט דער סאָוועטנפאַרבאַנד פיל מאָל, איך באַטאָן — פיל מאָל געוואָרנט, אַז די לאַגע אויפן נאָענטן מיזרעך דראָעט מיט אַן אויפרײַס. אונדזער ליניע אין אָט דער פראַגע איז קלאָר און קאָנסעקווענט פון אָנהייב ביזן סאָף. אין העסקעם מיט די אַלגעמיינע פרינציפן פון דער סאָציִאַליסטישער אויסערן־פּאָליטיק, אויך אין העסקעם מיט דעם פאַקט, אַז אָט דער ראַיאָן געפינט זיך אין אומיטלבאַרער נאָענטקײַט צו אונדזער גרענעץ, זײַנען מיר פאַרינטערעסירט, אַז אויפן נאָענטן מיזרעך זאָל ווירקלעך אײַנגעשטעלט ווערן אַ פעסטער און יוישערדיקער שאָלעם, אַז עס זאָלן געזיכערט ווערן די געפאַרלאָזיקייט פון אַלע לענדער און פעלקער פון אָט דעם ראַיאָן, זייער רעכט רויִק צו בויען זייער לעבן אַזוי, ווי זיי פאַרלאַנגען דאָס. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.) גראָד דערפאַר איז דער סאָוועטנפאַרבאַנד די גאַנצע צײַט באַשטאַנען דערויף, אַז די אַראַבישע מעלוכעס זאָלן צוריק באַקומען די טעריטאָריעס, וועלכע ייִסראָעל האָט אָקופּירט, אַז עס זאָל זיגן דער יוישער בענעגייע דעם פאַלעסטינער פאָלק. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.) אַזאַ פּאָליטיק האָט דער סאָוועטנפאַרבאַנד געפירט און אַזאַ פּאָליטיק וועט ער פירן אויך אַף ווײַטער. (אַפּלאָדיסמענטן.)

פון דעם מאָמענט אָן, ווען אויפן נאָענטן מיזרעך האָבן אין אָנהייב פון הײַנטיקן כוידעש זיך באַנײַט די קריגס־אָפעראַציעס, האָט דער סאָוועטנפאַרבאַנד, אונטערהאַלטנדיק אַן ענגן קאָנטאַקט מיט די פרײַנטלעכע אַראַבישע מעלוכעס, אָנגענומען אַלע פּאָליטישע מאָסמיטלען, וועלכע זײַנען פון אים אָפּהענגיק, קעדיי מיטווירקן, אַז די מילכאָמע זאָל זיך פאַרענדיקן און עס זאָלן געשאַפן ווערן אַזעלכע באַדינגונגען, בא וועלכע דער שאָלעם אויפן נאָענטן מיזרעך זאָל זײַן ווירקלעך אַ פעסטער פאַר אַלע מעלוכעס פון דעם דאָזיקן ראַיאָן.

ווי באַוווּסט, האָט דער זיכערהײַט־ראַט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע נאַציעס לויטן פאָרשלאָג פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד און פון די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע צוויי מאָל, דעם 22 און 23 אָקטיאַבער, אָנגענומען באַשלוסן, וועלכע זעען פאָרויס, עס זאָל טייקעף אָפּגעשטעלט ווערן דאָס פײַער. ביידע מאָל האָט ייִסראָעל, דערקלערנדיק אויפן וואָרט, אַז עס וואַרפט זיך אונטער דעם באַשלוס פונעם ראַט, פאַקטיש פאַרעטעריש געבראָכן דעם באַשלוס און פאָרגעזעצט די אַגרעסיווע אַקציעס קעגן מיצראַיִם. פאַרכאַפנדיק נײַע און נײַע טעריטאָריעס פון אָט דעם לאַנד, האָט ייִסראָעל פולשטענדיק איגנאָרירט די פאָדערונג פונעם זיכערהײַט־ראַט וועגן אָפּפירן דאָס מיליטער אַף די פּאָזיציעס, אַף וועלכע ס'איז געשטאַנען אין אָוונט דעם 22 אָקטיאַבער.

עס איז שווער צו פאַרשטיין, אַף וואָס עס רעכענען אויס די רעגירער פון ייִסראָעל באַם פאַרווירקלעכן אָט דעם וואָאַנטוריסטישן קורס, טרעטנדיק די באַשלוסן פונעם זיכערהײַט־ראַט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע נאַציעס, וואַרפנדיק אַן אַרויסרוף דער עפנטלעכער וועלט־מיינונג. ווײַזט אויס, אַז דאָ שפּילט אַ ראָליע די שטיצע פון אויסן. נאָר אַזאַ פּאָליטיק פון דער ייִסראָעל־רעגירונג קאָסט אָפּ טײַער דעם פאָלק פון ייִסראָעל. די אויסרעכענונגען וועגן זיכערן דעם שאָלעם און די געפאַרלאָזיקײַט פון אַ מעלוכע דורך פאַרכאַפּן איבערגוואַלד און אײַנהאַלטן פרעמדע טעריטאָריעס, — דאָס זײַנען אומזיניקע אויסרעכענונגען, וואָס זײַנען פאַרורטיילט אַף אַן אומפאַרמײַדלעכן דורכפאַל. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.) אַזאַ קורס וועט ניט געבן ייִסראָעל ניט קיין שאָלעם, ניט קיין זיכערהײַט. ער וועט דערפירן

בלויז דערצו, אז די צווישנפעלקערלעכע איזאָליאַציע פון ייִסראָעל וועט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקן, ער וועט אַרויסרופן נאָך א גרעסערן האַס צו ייִסראָעל מיצאַד די שכייניש פעלקער. דער מוטיקער קאַמף פון די אַראַבער, די וואַקסנדיקע סאָלידאַריטעט צווישן די אַראַבישע מעלוכעס באַווײַזן איבערצײַגנדיק, אַז זיי וועלן קיינמאָל ניט שאָלעם מאַכן מיט דער ייִסראָעל־אַגרעסיע, קיינמאָל ניט אָפּזאָגן זיך פון זייערע געזעצלעכע רעכט. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.) דער סאָוועטנפאַרבאַנד שטיצט פעסט און קאָנסעקווענט די גערעכטיקע פאָדערונגען פון די אַראַבישע פעלקער. (אַפּלאָדיסמענטן.)

דער קאָלעקטיווער ווילן פון יענע, וואָס פאָדערן א שאָלעם אפן נאָענטן מיזרעך, מוז נעמען די אויבערהאַנט איבער דעם אומזין פון די, וואָס ברעכן דעם שאָלעם. די דערפאַרונג פון די לעצטע טעג צווינגט צו זײַן וואַכזאַם. עס זײַנען נייטיק דרינגענדיקע און אַנטשיידענע מאָסמיטלען, וועלכע זאָלן זיכערן די פאַרווירקלעכונג פון די באַשלוסן וועגן אָפּשטעלן דאָס פײַער און אָפּפירן דאָס מיליטער.

דער פרעזידענט פון עגיפּטן סאַדאַט האָט זיך געווענדט צום סאָוועטנפאַרבאַנד און צו די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע מיט דער באַקאָשע, זיי זאָלן שיקן זייערע פאָרשטייער אינעם ראַיאָן פון די קריגס־אָפּעראַציעס, קעדיי אַכטונג געבן, ווי עס ווערן אויסגעפילט די באַשלוסן פונעם זיכערהײַט־ראַט וועגן דעם פײַער־אָפּשטעל. מיר האָבן אויסגעדריקט די גרייטקײַט צו באַפרידיקן די באַקאָשע פון עגיפּטן און האָבן שוין אַרויסגעשיקט אַזעלכע פאָרשטייער. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.) מיר פאַרהאָפן, אַז אַזוי וועט טאָן אויך די רעגירונג פון פּשאַ. צוזאַמען דערמיט באַטראַכטן מיר אויך אַנדערע מעגלעכע מאָסמיטלען, וועלכע די סיטואַציע קאָן פאָדערן.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס עס דויערן נאָך די פאַלן פון ברעכן דעם פײַער־אָפּשטעל, האָט דער זיכערהײַט־ראַט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס אָנגענומען דעם 25 אָקטיאַבער א באַשלוס טייקעף צו שאַפן אויסעראָרדנטלעכע קרעפטן פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס, וועלכע וועלן געשיקט ווערן אינעם ראַיאָן פון די קריגס־אָפּעראַציעס. מיר האַלטן, אַז דאָס איז א גוטער באַשלוס, און האָפן, אַז ער וועט אָפּשפּילן זײַן רעאַליע אינעם נאָרמאַליזירן די אַטמאָספער. (אַפּלאָדיסמענטן.)

אין פראַט פון נאָרמאַליזירן די לאַגע אפן נאָענטן מיזרעך איז דער סאָוועטנפאַרבאַנד גרייט צו מיטאַרבעטן מיט אַלע פאַרינטערעסירטע לענדער. נאָר פאַר אַזאַ מיטאַרבעט קאָנען, פאַרשטייט זיך, ניט זײַן גינסטיק אַזעלכע מאָסמיטלען, וועלכע עס נעמען די לעצטע טעג אונטער באַשטימטע קרײַזן פון די „נאַטאָ“־לענדער, ווי דאָס קינסטלעכע אופבלאָזן די לײַדנשאַפטן דורך פאַרשפּרייטן פאַרשיידענע פאַנטאַסטישע פליאָטקעס וועגן די פּלענער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד אפן נאָענטן מיזרעך. אין דער געגעבענער סיטואַציע וואָלט, ווי אונדז דוכט, געווען פאַסיק א מער פאַראַנטוואָרטלעכער, ערלעכער און קאָנסטרוקטיווער צוגאַנג.

עס ווילט זיך באַטאָנען, אַז דער באַשלוס פונעם זיכערהײַט־ראַט פון 22 אָקטיאַבער זעט פאָרויס ניט בלויז דעם פײַער־אָפּשטעל. ער זעט פאָרויס א ריי וויכטיקע שריט, וואָס זייער ציל איז באַזײַטיקן די עצעם סיבעס פון דער מילכאָמע. און אין דעם באַשטייט זײַן באַזונדערע ווערט. די פאַרינטערעסירטע צדאָדים דאַרפן טייקעף אָנהייבן פּראַקטיש אויספילן די רעזאָליוציע וועגן נאָענטן מיזרעך, וועלכע דער זיכערהײַט־ראַט האָט אָנגענומען דעם 22 נאָיאַבער 1967, — אויספילן זי אין אַלע טיילן אירע.

איך דערמאָן, אַז די דאָזיקע רעזאָליוציע באַטאָנט די „אומדערלאָזבאַרקײַט צו דעראָבערן טעריטאָריעס דורך א מילכאָמע“. זי זעט פאָרויס, אַז די באַוואָפנטע קרעפטן פון ייִסראָעל זאָלן אַרויסגעפירט ווערן פון די טעריטאָריעס, וועלכע זיי האָבן אָקופּירט בײַס דעם קאָנפליקט פון 1967. זי פאָדערט צו אַכטן און אָנערקענען די סוווערעניטעט, די טעריטאָריעלע גאַנצקײַט און פּאָליטישע אומאָפּהענגיקײַט פון יעדער מעלוכע אין געגעבענעם ראַיאָן און זייערע רעכט צו לעבן בעשאָלעם. אין דער רעזאָליוציע ווערט אויך גערעדט וועגן דער נייטיקײַט צו דערגרייכן א יוישערדיקע אײַנרעגולירונג פון דער „פּליטים־פּראָבלעם“, דאָס הייסט זיכערן די געזעצלעכע רעכט פונעם אַראַבישן פאָלק פון פּאַלעסטינע.

עס איז ניט שווער צו זען, אַז ווען אָט די אַלע האַנאָכעס, וועלכע זײַנען אָנגענומען געוואָרן אין 1967, וואָלטן דעמלט פאַרווירקלעכט געוואָרן אין לעבן, וואָלט אפן נאָענטן מיזרעך שוין זעקס יאָר געהערשט א פעסטער שאָלעם. ניט געשען איז דאָס אָבער ניט געשען. דאָס איז איבער דער זעלבער קורצזיכטיקער און אַוואַנטוריסטישער פּאָליטיק פון די רעגירנדיקע קרײַזן פון ייִסראָעל, וועלכע ווערן סטימולירט פון די קרעפטן פון אויסן.

לויטן גײַסט און לויטן אָס פונעם באַשלוס, וועלכן דער זיכערהײַט־ראַט האָט אָנגענומען מאָנטיק, דעם 22 אָקטיאַבער, דאַרפן די פאַרינטערעסירטע צדאָדים טייקעף אָנהייבן אונטערהאַנדלונגען אונטער אַן אַנטשפּרעכיקער עגידע מיטן ציל צו אײַנשטעלן א יוישערדיקן און

פעסטן שאָלעם אפן נאָענטן מיזרעך. עס איז אומעגלעך איבערצושאצן די באדײַטונג פון אזעלכע אונטערהאנדלונגען. אף זייערע אָנטיילנעמער פאלט א היסטאָרישע אכרײַעס. וועגן דעם סאָוועטנפארבאנד קאָן איך זאָגן, אז ער איז גרייט ארײַנצוטראָגן און וועט ארײַנטראָגן זײַן קאָנסטרוקטיוון כיילעק אין דעם איניען. (אפּלאָדיסמענטן.) מיר שטייען פעסט דערפאר, אז פאר אלע, איך כאזער איבער, פאר אלע מעלוכעס און פעלקער פונעם נאָענטן מיזרעך דארף זײַן געזיכערט שאָלעם, געפארלאָזיקײַט און אומבארירלעכקײַט פון די גרענעצן. (אפּלאָדיסמענטן.) דער סאָוועטנפארבאנד איז גרייט צו נעמען אן אָנטייל אין די אנטשפּרעכיקע גאראַנטיעס. (דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן.)

אונדז דוכט, אז איינע פון די אקטועלסטע אופגאבן פון אלע שאָלעם־אָנהענגער, פון אלע פרידנסליבנדיקע קרעפטן אין די הײַנטיקע באדינגונגען איז — דערשלאָגן זיך, עס זאָלן טייקעף און פולשטענדיק אויסגעפילט ווערן די באשלוסן פונעם זיכערהײַט־ראט פארן 22 אָקטיאבער ד. י. דאָס איז נייטיק צוליב דער פרײַער און אומאָפּהענגיקער אנטוויקלונג פון אלע מעלוכעס און פעלקער פונעם נאָענטן מיזרעך. דאָס אנטשפּרעכט די אינטערעסן פון פיל מעלוכעס פון אייראָפּע און אזיע, פון אפריקע און אמעריקע, וואָס פאר זיי האָט די נאָרמאליזירונג פונעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן לעבן אין אָט דעם וויכטיקן ראיאָן פון דער וועלט א היפּשע באדײַטונג. ענדלעך, די שארפקײַט פון דער סיטואציע, וואָס האָט זיך געשאפן אין די דאָזיקע טעג אפן נאָענטן מיזרעך, די סאקאָנע, עס זאָל זיך פארברייטערן דער קאָנפליקט, באווײַזן מיט דער גאנצער באשײַמפערלעכקײַט, ווי וויכטיק עס איז צו לייזן די דאָזיקע אופגאבע אויך צוליב דער פארפעסטיקונג פונעם אלגעמיינעם שאָלעם.

כאָשעווע אָנטיילנעמער פונעם קאָנגרעס!

פאר די פעלקער פון די לענדער, וועלכע האָבן זיך באפרײַט פונעם קאָלאָניאלן יאָך, שטייען גיגאנטישע עקאָנאָמישע און סאָציאלע אופגאבן. זיי קאָנען געלייזט ווערן מיט דערפאָלג בלויז אפן יעסאָד פון א שאָלעם, וואָס איז באזירט אף א זיכערער געפארלאָזיקײַט און אף א ברייטער קעגנזײַטיקער לויטבארער מיטארבעט פון אלע מעלוכעס.

א בײַשפּיל פון פארייניקן די קאָנסעקוועַנטע שאָלעם־פּאָליטיק און די דעמאָקראטישע לייזונג פון די אינערלעכע אופגאבן גיט די רעפּובליק אינדיע. (אפּלאָדיסמענטן.) ארויסטרעטנדיק פאר דעם, אז די עקזיסטירנדיקע צווישנפעלקערלעכע פּראָבלעמען זאָלן באקומען א יוישערדיקע פרידלעכע אײַנרעגולירונג, שאפט זי דערמיט גופע גינסטיקע באדינגונגען צום לייזן אירע אינערלעכע אופגאבן. אין דער זעלבער צײַט זעען מיר, ווי באם לייזן טראָט נאָך טראָט די אינערלעכע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָבלעמען פארפעסטיקט דאָס אינדישע פאָלק די באזע פון זײַן פרידנסליבנדיקער אויסערן־פּאָליטיק. (אפּלאָדיסמענטן.)

א גרויסע צווישנפעלקערלעכע באדײַטונג האָבן די באשלוסן פון דער אלזשירער קאָנפערענץ פון די נייטראלע מעלוכעס, אין וועלכער עס האָבן זיך באטייליקט די אָנפירער פון פיל לענדער. די קאָנפערענץ האָט נאָכאמאָל באשטעטיקט די אנטשלאָסנקײַט פון די דאָזיקע לענדער צו פירן א זעלבאשטימטן קאמף קעגן דעם אימפּעריאליזם, קעגן מילכאָמע און אגרעסיע, פאר שאָלעם, אומאָפּהענגיקײַט און פרײַהײַט פון די פעלקער.

קורץ, די אקטיווע פּאָליטיק פון די פרידנסליבנדיקע מעלוכעס פון אזיע, אפריקע און לאטײַן־אמעריקע טראָגט ארײַן א וואָגיקן, באדײַטנדיקן צושטײַער אינעם לינדערן די צווישנפעלקערלעכע אָנגעשטרענגטקײַט.

איינער פון די וויכטיקסטע פאקטאָרן פון דער הײַנטיקער צווישנפעלקערלעכער אנטוויקלונג איז דער אקטיווער אָנטייל פון די פאָלקסמאסן, פון זייערע אָרגאניזאציעס, פּאָליטישע פארטייען אינעם לייזן די פּראָבלעמען פון מילכאָמע און שאָלעם. דאָס איז, פארשטייט זיך, א רעזולטאט פון דער היסטאָרישער דערפארונג, וואָס די מענטשהײַט האָט אָנגעזאמלט. דער אָנדענק וועגן די ביטערע לעקציעס פון דער ערשטער און צווייטער וועלט־מילכאָמעס, דאָס פארשטיין די שוידערן, צו וועלכע עס וואָלט געבראכט דאָס אָנווענדן נוקלעאר געווער, רופן מיט א מעכטיקער קראפט די מענטשן פון אונדזער פּלאנעטע, זיי זאָלן מיט זייערע אקטיווע ארויסטרעטונגען ניט דערלאָזן צו א טראגעדיע, וועלכע איז נאָך ניט געזען געוואָרן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהײַט.

אין אונדזער נוקלעארער טקופע קומט אוף א נײַ, נאָך מער טיף געפיל פון סאָלידאריטעט פון די פעלקער אין קאמף פאר שאָלעם, און, צוזאמען דערמיט, א נאָך שארפערער כוש פון געמיינזאמער פאראנטוואָרטלעכקײַט פארן גוירל פונעם שאָלעם. דאָס דאָזיקע געפיל איז א מעכטיקער סטימול פונעם אָנוואקסנדיקן קאמף פאר פארפעסטיקן דעם שאָלעם, פאר א זיכערער צווישנפעלקערלעכער געפארלאָזיקײַט.

מע קאָן זאָגן פעסט, אז די איצטיקע פּאָרשריט אין דער וועלט־אטמאָספער איז אין א היפּשער מאָס א רעזולטאט פון דער טעטיקײַט פון די געזעלשאפטלעכע קרעפטן, א רעזולטאט

פון דער ביז איצט ניט געזעענער אקטיווקייט פון די פאָלקסמאסן, וועלכע ווייזן ארויס שארפע אומטאָלעראנץ צו ווילקיר און אגרעסיע, איינזנפעסטן ווילן צו שאָלעם.

וועגן דעם ריידן אויך די סאכאקלען פונעם וועלט־קאָנגרעס פון די פראָפאריינען, וואָס האָט זיך נאָרוואָס פארענדיקט אין בולגאריע. דער קאָנגרעס האָט איבערצייַגנדיק אויסגעדריקט דעם ווילן צו שאָלעם מיצאד דער העכער צווייהונדערט־מיליאָניקער אָרגאניזירטער מאסע פונעם ארבעטער־קלאס, פון די אָנגעשטעלטע, פון דער אינטעליגענץ.

אויך דער עצעם פאקט פון צונויפרופן אייַער קאָנגרעס, זייַן ברייטער מאסשטאב און רעפרעזענטאטיווקייַט — דאָס איז אַן איבערצייַגנדיקער, אָנשוילעכער באווייַז, וואָס פאר א גרויסע קראפט עס איז געוואָרן די וועלט־עפנטלעכקייַט, וואָס פאר א ראָליע זי קאָן שפילן אינעם קאמף פאר פארפעסטיקן דעם שאָלעם און די זיכערהייַט, פאר דעמאָקראטיזירן די צווישנפעלקערלעכע פארהעלטענישן. (דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן.)

II

אזויארום, כאָשעווע כאווײרים, קאָנען מיר מיט באפרידיקונג זאָגן, אז פאר די לעצטע יאָרן האָט מיט דער הילף פון די פאראייניקטע אָנשטרענגונגען פון אלע פרידנסליבנדיקע קרעפטן זיך איינגעגעבן צו דערשלאָגן זיך, אז די צווישנפעלקערלעכע אטמאָספער אינגאנצן געטומען איז געוואָרן געזינטער, די פּאָליטיק פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ, פון פרידלעכער מיטארבעט צווישן די מעלוכעס גיט וואָגיקע רעאלע רעזולטאטן.

צוזאמען דערמיט איז קלאָר, אז דאָס איז בלויז דער אָנפאנג־עטאפ פון דער באוועגונג צום ציל, וועלכער פאראייניקט, ווי איך פארשטיי, די אלע, וואָס געפינען זיך אין אָט דעם זאל, און יענע, וועמען זיי רעפרעזענטירן, — צום ציל פון באזאָרגן אף א זיכערן אויפן די פרידלעכע צוקונפט פון דער מענטשהייַט. (אפלאָדיסמענטן.) מיר שאפן בלויז די נייטיקע פאָרהאנאָכעס אף צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל. אונדזער אלגעמיינע פליכט איז — אומדערמידלעך גיין פאָרויס מיטן אויסגעקליבענעם וועג, גיין אָן אן אָפּשטעל, איינגעשפארט, מיט א ברייטן פראָנט, אנטשיידן ברעכנדיק דעם ווידערשטאנד מיצאד די קעגנער פון דער אנטשפאנונג און מיצאד די אָנהענגער פונעם „קאלטן קריג". מיר, אין סאָוועטנפארבאנד, האלטן, אז די אופגאבע באשטייט דערין, מע זאָל די לינדערונג פון דער אָנגעשטרענגטקייַט, וואָס איז שוין דערגרייכט געוואָרן אף די אנטשיידנדיקע ריכטונגען פון דער אנטוויקלונג פון די צווישנפעלקערלעכע באציונגען, מאכן פאר א שטאנדהאפטיקער, פעסטער דערשייַנונג, נאָך מער — פאר אזא, וואָס איר וועג אף צוריק איז אומעגלעך. (דויערנדיקע אפלאָדיסמענטן.)

און אין דעם פראט קאָן, פארשטייט זיך, א סאך אופגעטאָן ווערן אין דער ערשטער ריי אין אייראָפּע. די פעלקער פון דעם דאָזיקן קאָנטינענט, ווי פון קיין שום אנדער קאָנטינענט, האָבן זיך אָנגעליטן פון די פארגאנגענע מילכאָמעס, דערונטער פון דער שרעקלעכסטער פון זיי — פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. בא דעם הייַנטיקן כאראקטער פון די פּראָדוקטיווקרעפטן איז אין זייער „אייראָפּעישער היים", אין יעדערער פון די „דירעס", דאָס פארשלאָסענע עקאָנאָמישע לעבן געוואָרן צו ענג און ניט באקוועם. די דאָזיקע היים איז דערצו בא די איצטיקע מיטלען פון מאסן־פארניכטונג געוואָרן העכסט געפערלעך אין פאל פון א סרייפע. אין סאכאקל איז די אופגאבע צו אָפּהיטן דעם שאָלעם אין אייראָפּע געוואָרן אין טאָך א קאטעגאָרישע נויטווענדיקייַט, און די אלזייַטיקע אנטוויקלונג פון דער פארשיידנארטיקער פרידלעכער מיטארבעט צווישן די אייראָפּעישע מעלוכעס איז געוואָרן דער איינציקער, בעעמעס פארנינפטיקער אויסוועג. אין דעם פראט העלפט מיט דאָס, וואָס אינעם לעבן פון אייראָפּע שפילן אַן אלץ מער אקטיווע און באדייַטנדיקע ראָליע די סאָציאליסטישע לענדער, וועלכע זייַנען טיף און אופריכטיק איבערגעגעבן דעם שאָלעם און דער צווישנפעלקערלעכער מיטארבעט, און אינעם מייַרעוודיקן טייל פונעם קאָנטינענט וואקסט דער פּאָליטישער רעאליזם, עס ווערן אלץ אייַנפלוסרייַכער די קרייַזן, וועלכע טרעטן ארויס פאר דערגרייכן די זעלבע צילן.

אָט פארוואָס מיר גלייבן אינעם ענדגילטיקן דערפאָלג און אין דער היסטאָרישער ראָליע פון דער אלאייראָפּעישער באראטונג, טראָץ די אלע קאָמפליקאציעס, וועלכע עס וועלן נאָך דארפן בייַקומען די אָנטיילנעמער פון דעם דאָזיקן אוניקאלן פאָרום, וואָס גייט איצט דורך, קאָן זייַן, אויסערלעך ניט זייער קיין עפעקטיווע סטאדיע, אָבער א זייער וויכטיקע סטאדיע אין זייַן ארבעט.

וואָס פארלאנגען מיר פון דער דאָזיקער באראטונג, אף וואָס רעכענען מיר אויס? אויב ריידן אין דער סאמע אלגעמיינער פאָרם, פארלאנגען מיר, אז עס זאָלן איינמוטיק, אופריכ־

טיק, מיטן גאַנצן האַרצן, ווי מע זאָגט עס, אָן „דיפּלאָמאַטישע" רעמאַזים און קונצן פאָרמולירט און באַשטעטיקט ווערן מיצאַד אַלע אָנטיילנעמער פון דער באַראַטונג און אָנגענומען ווערן מיצאַד אַלע פעלקער פונעם קאָנטינענט באַשטימטע פּרינציפּן פון קעגנזײַטיקע פאַרהעלטענישן צווישן די אייראָפּעיִשע מעלוכעס. איך האָב אין זין, לעמאָשל, אַזעלכע פּרינציפּן, ווי די אומבאַרירלעכקייט פון די טעריטאָריעס פון אַלע מעלוכעס פון אייראָפּע, די גאַנצקייט פון זייערע גרענעצן, דאָס ניט אָנווענדן קויעך אָדער דראָונגען מיט קויעך אין די באַציִונגען צווישן מעלוכעס, דאָס ניט אַרײַנמישן זיך מיצאַד איינעם אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהײַטן פון אַ צווייטן און דאָס אַנטוויקלען אויף אַזאַ באַזע די קעגנזײַטיק לוינבאַרע מיטאַרבעט אין פאַרשיידענע געביטן.

מיר וואָלטן וועלן, אַז די דאָזיקע פּרינציפּן זאָלן אַרײַן אין דער טאָגטעגלעכער פּראַקטיק פונעם אייראָפּעיִשן לעבן, אין דער פּסיכאָלאָגיע פון די אייראָפּעיִשע פעלקער ווי הייליקע יעסוידעס, וועלכע קאָנען פון קיינעם ניט אָפּגעפרעגט ווערן; אַז עס זאָלן זיי אָנעמען סײַ די רעגירונגען, סײַ די פעלקער, קעדיי צו פאַרווירקלעכן זיי אין לעבן. (אַפּלאָדיסמענטן.)

מיר וואָלטן וועלן זען, וויאַזוי, באַזירנדיק זיך אויף די דאָזיקע פּרינציפּן, וועט זיך צעבליִען, אַרומכאַפּנדיק דעם גאַנצן קאָנטינענט מיט איר געדיכט איבערגעפלאָכטענער נעץ, די סיסטעם פון מיטאַרבעט פון די מעלוכעס — ווירטשאַפטלעכער, וויסנשאַפטלעכער, קולטורעלער.

פון די אוראַלטע צײַטן אָן האָט דער האַנדל פאַראייניקט פעלקער און לענדער. אַזוי איז אויך אין אונדזער צײַט. הײַנט אָבער לוינט פּאַשעט ניט און עס איז נאַריש צו באַגרענעצן די עקאָנאָמישע מיטאַרבעט בלויז מיט האַנדל. גיין אין טראָט מיט דער צײַט, דערגרייכן דעם ניוואָ פון די פאָדערונגען און מעגלעכקייטן פון דער וויסנשאַפטלעך־טעכנישער רעוואָליוציע קאָן מען בלויז דעמלט, ווען מע שטיצט זיך אויף דער ברייטער צווישנפעלקערלעכער אַרבעט־צעטיילונג. הײַנט איז דאָס, זעט אויס, אַן אַקסיאָמע. פונדאַנען שטאַמט די נויטווענדיקייט פון אַ קעגנזײַטיק לוינבאַרער, לאַנגדויערנדיקער עקאָנאָמישער מיטאַרבעט אין אַ גרויסן מאַסשטאַב, סײַ פון אַ צווייזײַטיקער, סײַ פון אַ פילזײַטיקער. דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, אַ שײַכעס ניט בלויז צו אייראָפּע, נאָר צו אַלע קאָנטינענטן, צו דער גאַנצער סיסטעם פון צווישנפעלקערלעכע עקאָנאָמישע פאַרבינדונגען אין אונדזער צײַט. מיר טרעטן אַרויס פאַר אַזאַ מיטאַרבעט אויך דערפאַר, ווײַל מיר זעען אין דעם אַ זיכער מיטל צו פאַרפעסטיקן מאַטעריעל די פרידלעכע באַציִונגען צווישן די מעלוכעס.

מיר פאַרהאָפן און מיר גלייבן, אַז די פּאָליטישע באַזע, וועלכע עס האָט פאַנאַנדערגעאַרבעט די אַל־אייראָפּעיִשע באַראַטונג, און די טאָגטעגלעכע פרידלעכע מיטאַרבעט וועלן דערגאַנצט און פאַרפעסטיקט ווערן דורך מאָסמיטלען פון מיליטערישער לינדערונג אויפן קאָנטינענט. טאַקע אָט דער אויפגאַבע וועלן, ווי איר ווייסט, זײַן געווידמעט די אונטערהאַנדלונגען אין ווין, וועלכע וועלן זיך אָנהייבן אין פינף טעג אַרום.

די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען זײַנען שטאַרק וויכטיק פאַר אייראָפּע און פאַר דער גאַנצער סיטואַציע אין דער וועלט. דער סאָוועטנפאַרבאַנד גייט צו צו די אונטערהאַנדלונגען מיט דער גאַנצער ערנסטקייט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ער גייט צו קאָנסטרוקטיוו און רעאַליסטיש. אונדזער פּאָזיציע איז קלאָר און פאַרשטענדלעך. מיר האַלטן, אַז מע דאַרף זיך דעריידן וועגן פאַרקירצן אין אַ שוין באַשטימטן ראַיאָן פון צענטראַל־אייראָפּע סײַ די אויסלענדישע, סײַ די נאַציאָנאַלע יאַבאַשע־קרעפטן און מיליטערישע לופט־קרעפטן פון די מעלוכעס, וועלכע זײַנען אָנטיילנעמער פון די אונטערהאַנדלונגען. דערבײַ טאָר ניט פאַרשאַפן ווערן קיין שאָדן דער זיכערהײַט פון אַוועלכן־ניט־איז צאַד און קיין איינער פון די צדאָדים דאַרף ניט באַקומען קיין איינזײַטיקע פּריווילעגיעס אויפן כעזשבן פונעם צווייטן צאַד. ס'איז נייטיק, ווײַזט אויס, אויך אָנערקענען, אַז די פאַרקירצונג דאַרף אָנרירן אויך די מיליטער־טיילן, וועלכע זײַנען אויסגעשטאַט מיט נוקלעאַרן געווער.

וויאַזוי דאַרף מען דורכפירן די פאַרקירצונג, וועלכן מעטאָד אָנווענדן — קירצן אויף גלײַכע פּראָצענט־טיילן אָדער אויף גלײַכע צאָלן, — וועגן דעם שטייט נאָך פאַר זיך צונויפריידן די אָנטיילנעמער פון די אונטערהאַנדלונגען. פון אונדזער שטאַנדפּונקט איז וויכטיק, אַז די קינפטיקע פאַרקירצונג זאָל ניט צעשטערן די עקזיסטירנדיקע קרעפטן־פאַרהעלטעניש אין צענטראַל־אייראָפּע און ביכלאַל אויפן אייראָפּעיִשן קאָנטינענט. אויב מע וועט פּרוּוון ברעכן דעם דאָזיקן פּרינציפּ, וועט די גאַנצע פראַגע ווערן אַ סיבע פאַר קריגערײַען און אַן אָביעקט פון ענדלאָזע שטרײַטן.

ווי גיך מע וועט קאָנען אָנהייבן די עצעם פאַרקירצונג פון די באַוואָפנטע קרעפטן און פון דער באַוואָפנונג, — וועגן דעם שטייט אויך פאַר זיך צונויפריידן אין ווין. דער סאָוועטנפאַרבאַנד וואָלט שוין אין 1975 געוועזן גרייט צו רעאַלע שריט אין דעם פּלאַן. אין דער נאָענטסטער צײַט וואָלט מען קאָנען שליסן אַ קאָנקרעטע פאַרשטענדיקונג וועגן דעם. אַזאַ

פארשטענדיקונג וואָלט, אָן שום סאָפעק, געוואָרן א נײַער גרויסער טראָט אין דער ריכטונג צו פארגעזינטערן די פּאָליטישע סיטואציע אין אייראָפּע, זי וואָלט געהאָלפן אײַנצושטעלן אַף דעם דאָזיקן קאָנטינענט אן אטמאָספער פון צוטרוי, גוטן ווילן און פרידלעכער מיטארבעט.

מיר האָבן שוין ניט איין מאָל גערעדט וועגן דעם, אז די אנטשפּאנונג און די אנטוויקלונג פון צווישן־מעלוכישער מיטארבעט קאָנען ניט זײַן קיין פּריווילעגיע פון אוועלכן־ניט־איז איין באגרענעצטן ראיאָן פונעם ערדקײַלעך. דער שאָלעם קאָן בעעמעס ניט געטיילט ווערן. מיר זײַנען איבערצײַגט, אז די נאָרמעס פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ און פרידלעכער מיטארבעט דארפן הערשן סײַ אין אייראָפּע, סײַ אין אפריקע, סײַ אין דאָרעם־ און צאָפן־אמעריקע. די דאָזיקע פראגע האָט עפּשער צוליב א ריי קאָנקרעטע היסטאָרישע סיבעס א באזונדער באדײַטונג פאר אזיע.

עס איז באוווּסט, אז דער סאָוועטנפארבאנד טרעט ארויס פאר דעם, עס זאָלן פארפעסטיקט ווערן די קאָלעקטיווע שאָלעם־באמיִונגען אפן אזיִאטישן קאָנטינענט. מיר שטעלן זיך דאָס פאָר ווי א בעהאדראָגעדיקע אנטוויקלונג פון אזעלכע פארבינדונגען און פרידלעכער מיטארבעט פון אלע אזיִאטישע מעלוכעס, וועלכע לוינען די צדאָדים קעגנזײַטיק און באַרײַכערן זיי קעגנזײַטיק אין אלע הינזיכטן, ווי אזא אנטוויקלונג, ווען עס דרינגען פעסט ארײַן אין די דאָזיקע פארהעלטענישן די גוט באקאנטע און פּראָקלאמירטע מיצאד די אזיִאטישע מעלוכעס נאָך אין באנדונג פּרינציפּן פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ אין באדינגונגען פון שטרענג אָפּהיטן די סוווערעניטעט און אומאָפּהענגיקײַט פון יעטווידער מעלוכע. די פעלקער פון אזיע נייטיקן זיך בעפיירעש אין א פעסטן שאָלעם און אין קאָנסטרוקטיווער מיטארבעט ניט ווייניקער איידער, לאָמיר זאָגן, די פעלקער פון אייראָפּע. עס וועט, ווארשײַנלעך, ניט זײַן קיין טאָעס, אויב מיר וועלן זאָגן, אז אין אן אטמאָספער פון א פעסטן שאָלעם און רויִקער פרידלעכער ארבעט זײַנען אַף א גלײַכן אויפן פארינטערעסירט די אײַנוווינער פון טאָקיאָ און טאשקענט, האנאָי און טעהעראן, פּעקין און ראנגון, דעלי און קאָלאָמבאָ — הונדערטער מיליאנען אײַנוווינער פונעם גרעסטן קאָנטינענט פון אונדזער פּלאנעטע. איך בין זיכער, אז זיי אלע זײַנען אין דעם פארינטערעסירט.

אָפּט קומט אויס צו הערן באהויפּטונגען, אז די אידיי פון שאפן און באוואָרענען מיט קאָלעקטיווע באמיִונגען די זיכערהײַט אין אזיע איז קלוימערשט געווענדט קעגן כינע און פארפּאָלגט אפילע שיר ניט דעם אינטריגאנישן ציל צו „ארומרינגלען” אָדער „איזאָלירן” כינע. נאָר אזעלכע באהויפּטונגען ריידן אָדער וועגן קרענקלעכע כשאָדים, אָדער אז מע וויל זיך ניט רעכענען מיט פאקטן.

און די פאקטן זײַנען אזעלכע, אז סײַ דער סאָוועטנפארבאנד, סײַ די אנדערע מעלוכעס, וועלכע באציִען זיך פּאָזיטיוו צו דער אופגאבע פון קאָלעקטיוו זיכערן דעם שאָלעם און די געפארלאָזיקײַט אין אזיע, האָבן זיך געהאלטן און האלטן זיך בא דעם, אז אין אָט דעם גרויסן און וויכטיקן איניען וועלן אָנטיילנעמען אלע מעלוכעס, וועלכע פארלאנגען דאָס און וועלכע געפינען זיך אפן אזיִאטישן קאָנטינענט, אָן קיינע אויסנאמען. קיינער האָט קיינמאָל ניט געשטעלט די פראגע וועגן ניט אָנטיילנעמען און אוואדע שוין וועגן עפּעס אן „איזאָליאציע” פון כינע (שוין ניט ריידנדיק וועגן דעם, אז עס איז ביכלאל קאָמיש צו טראכטן וועגן „איזאָלירן” אזא גרויס לאנד). וואָס אָנבאלאנגט דעם סאָוועטנפארבאנד, וואָלט ער באגריסט דעם אָנטייל פון דער כינעזישער פאָלקס־רעפּובליק אין מאָסמיטלען, וואָס זייער ציל איז פארפעסטיקן די אזיִאטישע זיכערהײַט. (דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן.)

טײַערע פרײַנט! מיר וואָלטן, פארשטייט זיך, געווען ניט אופריכטיק, ווען מיר מאכן דעם אָנשטעל, אז די איצטיקע האנדלונגען פון כינע אַף דער צווישנפעלקערלעכער ארענע אנטשפּרעכן דער אופגאבע צו פארפעסטיקן דעם שאָלעם און די פרידלעכע מיטארבעט צווישן די מעלוכעס. צוליב סיבעס, וועלכע קיינער, אויסער זיי, פארשטייט ניט, ווילן זיך די אָנפירער פון כינע ניט אָפּזאָגן פון זייערע פּרוּוון צו פארסאמען די צווישנפעלקערלעכע אטמאָספער און פארגרעסערן די צווישנפעלקערלעכע אָנגעשטרענגטקײַט. זיי האלטן אין איין ארויסשטעלן צום סאָוועטנפארבאנד אבסורדישע טעריטאָריעלע פּרעטענזיעס, וועלכע מיר ווארפן, נאטירלעך, קאטעגאָריש אָפּ. זיי כאזערן אײַנגעשפּארט איבער די צעקײַטע אויסטראכטענישן פון דער אנטיקאָמוניסטישער פּראָפּאגאנדע וועגן א „סאָוועטישער געפאר”, זיי טײַנען וועגן א „געפאר פון צאָפן”, און, אָפּווארפנדיק אלע פארנינפטיקע פּאָרשלאָגן מיקויעך אײַנרעגולירונג, מיקויעך שליסן אן אָפּמאך וועגן ניט אָנפאלן, האלטן זיי ווײַטער זייער פּאָלק אין א קינסטלעך געשאפענער פיבערהאפטער אטמאָספער פון קריגס־צוגרייטונגען. און דאָס אלץ ווערט באגלייט מיט פארשפּרייטן די סאמע אומגעלומפערטע רעכילעסדיקע באשולדיקונגען קעגן פּססר און אנדערע לענדער, מיט אומפארשעמטע פּרוּוון צו ארײַנמישן זיך אין אונדזערע, — אגעוו, ניט נאָר אין אונדזערע, אינערלעכע אָנגעלעגנהײַטן.

דערבײַ וואַרפט זיך אין די אויגן די גוואַלדיקע פּרינציפּלאָזיקייט פון דער אויסערן־
פּאָליטיק פון די כינעזישע אָנפירער. זיי זאָגן, אַז זיי טרעטן אַרויס פאַר סאָציאַליזם און פאַר
פרידלעכער קאָעקזיסטענץ, אינדערעמעסן אָבער פּרוּוון זיי אַף קאָלעראַליי אויפאַנים אָפּשוואַכן
די צווישנפעלקערלעכע פּאָזיציעס פון די לענדער פונעם סאָציאַליזם, סטימולירן די אַקטיווי־
זירונג פון די אַגרעסיווע קריגס־בלאָקן און די אָפּגעזונדערטע עקאָנאָמישע גרופּירונגען פון
די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס. זיי באַהויפּטן, אַז זיי זײַנען קלוימערשט אָנהענגער פון אָנט־
וואָפענונג, אין דער פּראַקטיק אָבער פּרוּוון זיי בלאָקירן אַלע רעאַלע מאָסמיטלען צו באַגרע־
נעצן און פאַרקירצן דעם באַוואָפענונגס־געיעג, און, וואַרפנדיק אָן אַרויסרוף דער עפנטלעכער
וועלט־מיינונג, פאַרמיסטיקן זיי ווײַטער די ערד־אַטמאָספער מיט אויספּרוּוון נוקלעאַר געווער.
אַפן וואָרט פאַרזיכערן זיי, אַז זיי האַלטן אונטער דעם גערעכטיקן קאַמף פון די אַראַבער
פאַר אומקערן די טעריטאָריעס, וועלכע דער אַגרעסאָר האָט פאַרכאַפּט, און אײַנשטעלן אַ
יוישערדיקן שאָלעם אַפן נאָענטן מיזרעך, — און אין דער זעלבער צײַט טוען זיי אַלץ, קעדיי
וואַרפן אַ שאָטן אַף דער רעאַלער הילף, וועלכע די קאָרבאָנעס פון דער אַגרעסיע באַקומען
פון זייערע טרײַסטע פרײַנט — דעם סאָוועטנפאַרבאַנד און די אַנדערע לענדער פון דער
סאָציאַליסטישער געמיינשאַפט. זיי רופן זיך אָן רעוואָליוציאָנערן און דריקן האַרציק די האַנט
דעם פאָרשטייער פון דער פאַשיסטישער כונטע פון די טשילישער רעאַקציאָנערן, די האַנט,
וואָס איז אויסגעשמירט אינעם בלוט פון טויזנטער העלדן פון דער רעוואָליוציע, פון די זין
און טעכטער פונעם אַרבעטער־קלאַס, פונעם האָרעפּאַשנעם פאָלק פון טשילי.

אַזאַ פּאָליטיק העלפט, פאַרשטייט זיך, לאַכלוטן ניט דער פאַרפעסטיקונג פון שאָלעם
און זיכערהײַט. זי טראָגט אַרײַן אָן עלעמענט פון געפערלעכער ניט סטאַבילקײַט אינעם
צווישנפעלקערלעכן לעבן. די מעגלעכקײַט אָבער צו ענדערן די דאָזיקע פּאָליטיק איז דאָך
אײַנגאַנצן און פולשטענדיק אָפּהענגיק גופע פון די אָנפירער פון כינע. וואָס אָנבאַלאַנגט דעם
סאָוועטנפאַרבאַנד, כאַזער איך איבער נאָכאַמאָל, אַז מיר וואָלטן באַגריסט אַ קאָנסטרוקטיוון
בײַטראָג פון כינע אין מאַכן געזינטער די צווישנפעלקערלעכע אַטמאָספער און אינעם אַנט־
וויקלען אַ לאַיאַלע און גלײַכבארעכטיקטע פרידלעכע מיטאַרבעט צווישן די מעלוכעס. (אַפּלאָ־
דיסמענטן.)

כאַשעווע דעלעגאַטן פונעם קאָנגרעס! אינעם לייזן די אויפגאַבן צו פאַרמײַדן אַ נײַע
וועלט־מילכאָמע און צו זיכערן דעם אַלגעמיינעם שאָלעם, — אויפגאַבן, וועלכע זײַנען לעבנס־
וויכטיק פאַר אַלע פעלקער פון דער ערד, — געהערט ניט קיין קליין אָרט דער אַנטוויקלונג
פון די באַציִונגען צווישן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד און די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע.

אין די לעצטע צוויי יאָר זײַנען די דאָזיקע באַציִונגען באַצייכנט געוואָרן מיט שליסן אַ
ריי וויכטיקע אָפּמאַכן און פאַרשטענדיקונגען, דערונטער אַזעלכע, ווי „די יעסוידעס פון די
קעגנזײַטיקע באַציִונגען צווישן דעם פאַרבאַנד פון סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן און
די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע“, דער אָפּמאַך און די פאַרשטענדיקונג מיקויעך די
פראַגן וועגן באַגרענעצן די אַנטיראַקעטן־שוץ און דאָס סטראַטעגישע אָנגריף־געווער, די
פאַרשטענדיקונג צווישן פּסדר און פּשא וועגן פאַרמײַדן אַ נוקלעאַרע מילכאָמע. מיר פילן
אויס געוויסנהאַפטיק די פאַרפליכטונגען, וועלכע מיר האָבן גענומען אַף זיך אין די דאָזיקע
אָפּמאַכן און פאַרשטענדיקונגען, און האָבן בעדייע צו טאָן דאָס אויך אַף ווײַטער. עס איז
נאַטירלעך, אַז דאָס זעלבע דערוואַרטן מיר אויך פונעם צווייטן צאַד.

לויט אונדזער מיינונג, האָט פאַר זיך די אַנטוויקלונג פון פרידלעכער קעגנזײַטיק לוינ־
באַרער מיטאַרבעט צווישן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד און די פאַרייניקטע שטאַטן אין פאַרשיי־
דענע געביטן גוטע פּערספּעקטיוון, אויב, פאַרשטייט זיך, מע זאָל צוגיין צו דער דאָזיקער
פראַגע מיט אַכרײַעס און לאַיאַל, האַלטנדיק זיך פּראַקטיש באַ די פּרינציפּן פון קעגנזײַטיקער
לוינבאַרקײַט און קעגנזײַטיקן אָפּשײַ, ניט פּרוּוונדיק זיך פאַרקריפּלען די דאָזיקע פּרינציפּן
און אַרײַנמישן זיך אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהײַטן פונעם צווייטן צאַד, דיקטירן דעם
צווייטן צאַד באַדינגונגען, ווי ס׳פּרוּוון טאָן — טראָץ דעם אָפּיציעלן פּאָליטישן קורס פון דער
אייגענער רעגירונג — אייניקע אומפאַראַנטוואָרטלעכע פּאָליטיקאַנער אין די פאַרייניקטע שטאַטן.

וואָס שײַעך דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, זײַנען מיר איבערצײַגט, אַז די דאָקומענטן, וועלכע
זײַנען אָנגענומען געוואָרן אין די יאָרן 1972 און 1973, האָבן געשאַפן אַ באַזע פאַר קעגנ־
זײַטיק לוינבאַרער מיטאַרבעט און געבראַכט בעפּיירעשע נוצן דעם שאָלעם.

אין 1974 דאַרף פאָרקומען, ווי עס איז באַוווּסט, אַן אָפיציעלער וויזיט פונעם פּרעזידענט
פון די פאַרייניקטע שטאַטן קיין סאָוועטנפאַרבאַנד. מיר ווילן, אַז ער זאָל באַצייכנט ווערן
מיט נײַע גרויסע שריט אַפן וועג פון דער אַנטוויקלונג פון די פרידנס־פאַרהעלטענישן צווישן
אונדזערע מעלוכעס און פון געזינטער מאַכן די צווישנפעלקערלעכע אַטמאָספער. (אַפּלאַ־
דיסמענטן.)

ניט קיין קליינע ראָליע קאָן שפּילן דאָס פֿאַרענדיקן מיט דערפֿאָלג די נײַע פֿאַזע פֿון די אונטערהאַנדלונגען צווישן פּסס״ר און פּשאַ מיקויעך די פֿראַגן וועגן ווײַטערדיקן באַגרענעצן און מעגלעכן פֿאַרקירצן די סטראַטעגישע באַוואָפֿענונגען. די דאָזיקע אויפֿגאַבע, ווי איר פֿאַרשטייט, איז ניט קיין פּאַשעטע, נאָר מיר האָבן אָפּגערעדט צו טאָן אַלץ אַף צו לייזן זי.

מיר מיט אײַך, טײַערע פֿרײַנט, האָבן אַלע ליב דעם שאָלעם, מיר ווילן אַ פֿעסטן שאָלעם און לויט אונדזערע קויכעס און מעגלעכקײַטן קעמפֿן מיר דערפֿאַר, אַז ער זאָל זײַן געזיכערט. אונדז פֿרייט די פּאָרקומענדיקע לינדערונג פֿון דער צווישנפֿעלקערלעכער אָנגעשטרענגטקײַט און די אַנטוויקלונג פֿון דער פֿרידלעכער מיטאַרבעט צווישן די מעלוכעס. עס ווילט זיך אָבער אונטערשטרײַכן מיט דער גאַנצער קראַפֿט, אַז ניט דער שאָלעם, ניט די אָנטשפּאַנונג קומען ניט אַף דער וועלט־אַרענע פֿון זיך אַליין, ווי עפּעס אַ מאַטאָנע פֿון גאָט. זיי קאָנען דערגרייכט ווערן בלויז אין רעזולטאַט פֿון אַן אײַנגעשפּאַרטן, אומדערמידלעכן קאַמף פֿון אַלע פֿרידנס־ליבנדיקע קרעפֿטן — פֿון די מעלוכעס, פּאָליטישע פּאַרטייען און ריכטונגען, געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס און באַזונדערע פּערזאָנען — קעגן דעם אַלעם, וואָס שטערט דער אָנטשפּאַנונג, באַדראָעט דעם שאָלעם, שאַפֿט אַ מילכאָמע־געפֿאַר. (אַפּלאָדיסמענטן.)

מיר האָבן ניט קיין רעכט צו פֿאַרגעסן וועגן דעם, אַז ביז איצט צעפֿלאַקערן זיך אין פֿאַרשיידענע עקן פֿון דער פּלאַנעטע מילכאָמעס, עס קומען אום מענטשן, עס ווערן כאָרעוו שטעט, זאַוואָדן, דערפֿער, עס ווערן פֿאַרניכטעט קולטור־ווערטן. דאָס זײַנען מילכאָמעס, וועלכע די פּאָליטיקער זײַנען געוווינט צו רופֿן לאָקאַלע, דה. מילכאָמעס, וועלכע זײַנען באַגרענעצט מיט די לעפּיערעך שמאָלע ראַמען פֿון אַוועלכן־ניט־איז געאָגראַפֿישן ראַיאָן. די דערפֿאַרונג באַווײַזט, אַז אין די הײַנטצײַטיקע באַדינגונגען ברעכן זיי אויס, אַלס קלאַל, דאָרט און דעמאָלט, ווו און ווען די קויכעס פֿון אימפּעריאַליזם און רעאַקציע מאַכן פּרווון איבער־גוואַלד צו דערשטיקן די באַפֿרײַונג־באַוועגונג פֿון די פֿעלקער, שטערן דער פֿרײַער און אומאָפּהענגיקער אַנטוויקלונג פֿון די מעלוכעס, וועלכע האָבן אויסגעקליבן דעם פּראָגרעסיוון וועג פֿאַר זייער אינערלעכער אַנטוויקלונג און דעם אַנטי־אימפּעריאַליסטישן קורס אין דער אויסערן־פּאָליטיק.

פֿאַר מיליאָנען מענטשן אַף אונדזער פּלאַנעטע איז נאָך קיין שאָלעם ניטאָ, זיי זײַנען געצוווּנגען צו שלאָגן זיך מיט געווער אין די הענט קעגן די אימפּעריאַליסטישע אַגרעסאָרן און זייערע מיטהעלפֿער, קעגן דעם ווילקיר פֿון די פֿאַרכאַפּערס, פֿאַר זייער פֿרײַהײַט און אומאָפּ־הענגיקײַט, פֿאַר דעם עלעמענטאַרן רעכט צו זײַן אַ באַלעבאָס אינעם אייגענעם הויז. די שאָ־לעם־אָנהענגער מוזן מאַכן דערפֿון זייערע אויספֿירן.

מיר האָבן קיין רעכט ניט צו פֿאַרגעסן אויך וועגן דעם, אַז אין די באַדינגונגען, ווען עס קומט פֿאָר אַ לינדערונג פֿון דער צווישנפֿעלקערלעכער אָנגעשטרענגטקײַט, ווערט פֿאָרגע־זעצט און עס פֿאַרשטאַרקט זיך אַפֿילע דער פּראָצעס, וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ מאַטע־ריעלע צוגרייטונג צו אַ וועלט־מילכאָמע.

די קריגס־בודזשעטן פֿון די לענדער פֿונעם צאָפֿן־אַטלאַנטישן בלאָק ווערן יעדן יאָר פֿאַרגרעסערט אַף 2 — 3 מיליאַרד דאָלער, און הינטער די דאָזיקע ציפֿער שטייען אַלע נײַע טיפּן אויסראָטונג־געווער, — נײַע נוקלעאַרע באָמבעס און סנאַריאַדן, וועלכע מאַכן אָן נאָך גרעסערע כורבוינעס, נײַע, נאָך מעכטיקערע ראַקעטעס, טאַנקען און עראָפּלאַנען, קריגס־שיפֿן און אונטערוואַסער־שיפֿן. די קוואַליטאַטיווע פֿאַרפֿולקומונג פֿונעם געווער האָט אָנגענומען אומגעהערטע מאַסשטאַבן.

דערבײַ ווערן געמאַכט פּרווון צו באַרעכטיקן אַזעלכע אַקציעס מיט פֿאַרופֿן זיך דערויף, אַז זיי וועלן, זעט איר, העלפֿן צו דערשלאָגן זיך אַ דערפֿאָלג אַף די אונטערהאַנדלונגען וועגן באַגרענעצן די באַוואָפֿענונגען, זיי וועלן שאַפֿן „די גוטע קאָרט פֿאַרן האַנדל״ אַף די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען. עס איז פֿולשטענדיק קלאָר, אַז די דאָזיקע „גוטע קאָרטן״ וועלן בלויז אונטערטרײַבן דעם באַוואָפֿענונגס־געיעג, מער וועלן זיי גאָרנישט ניט געבן. וואָס שײַעך די אונטערהאַנדלונגען וועגן באַגרענעצן די באַוואָפֿענונגען, זײַנען פֿאַר זייער דערפֿאָלג נייטיק ניט קיין נײַע קריגס־פּראָגראַמעס, נאָר אַן אופֿריכטיקע שטרעבונג צו צוימען דעם באַוואָ־פֿענונגס־געיעג, אַ שטרעבונג, וואָס ווערט געקרעפֿטיקט דורך אײַנגעהאַלטנקײַט פֿון ביידע צדאָדים. (אַפּלאָדיסמענטן.)

נאָך ביז הײַנט, שוין קימאַט אין דרײַ צענדליק יאָר אַרום נאָך דער פֿאַרענדיקונג פֿון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, טרעפֿט ניט זעלטן, אַז דער אַקער פֿונעם ערד־אַרבעטער אָדער דער עקסקאַוואַטאָר פֿונעם בויער שטויסן זיך אָן אַף גראַנאַטעס אָדער מינעס. די מילכאָמע דערמאָנט וועגן זיך, און דאָס לעבן פֿון די מענטשן ווערט אויך אין די הײַנטיקע, פֿרידלעכע טעג ווידער געשטעלט אין אַ געפֿאַר. נאָר צי דען זײַנען ניט אין טויזנט מאָל געפֿערלעכער יענע קאַלאָסאַלע, אומגעהערטע אין דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע, רעזערוון פֿון מיט־

לען צו אויסראָטן די מענטשן, — רעזערוון, וועלכע שטייען אין פולער גרייטקייט אף די סטארט־פּאָזיציעס, ווערן געהאלטן אף די פאטרול־אעראָפּלאנען און אין די אונטערוואסערשיפן, פילן אָן די אונטערערדישע סקלאדן אף די קריגס־באזעס איבערן גאנצן ערדקײַלעך, — אָט איצט, הײַנט? צי דען קאָן מען מיט זיכערקייט בויען א פעסטן, דויערנדיקן שאָלעם, אויב אינטער זײַן פונדאמענט ווערן פארהיט אָט די הײַנטצייטיקע „פולווער־קעלערס", וועלכע זײַנען אימשטאנד צו אופרײַסן די גאנצע פלאנעטע?

די קריגס־צוגרייטונגען פון די קאפיטאליסטישע מעלוכעס צווינגען אויך די לענדער פון סאָציאליזם אויסצוטיילן די נייטיקע מיטלען אף דער לאנדשוץ, אָפּווענדנדיק די דאָזיקע מיטלען פון די צילן פון פרידלעכער בויונג, וועלכער מיר ווילן ווידמען אלע אונדזערע באמיונגען, אלע מאטעריעלע רעסורסן אונדזערע. אין דער אָרביטע פונעם באוואָפענונגס־געיעג ווערן ארײַנגעצויגן אויך צענדליקער יונגע אומאָפּהענגיקע לענדער. די סיבע דערפון איז, פארשטייט זיך, די סאקאָנע פאר זייער אומאָפּהענגיקייט, וועלכע דער אימפעריאליזם שאפט אמאָל אין איינעם, אמאָל אין א צווייטן ראיאָן פון דער וועלט.

פארשטייט זיך, אז די ווײַטערדיקע פארברייטערונג פונעם באוואָפענונגס־געיעג, וואָס ווערט אונטערגעטריבן דורך די אגרעסיווע קרײַזן פונעם אימפעריאליזם, און די אָנגעהויבענע לינדערונג פון דער צווישנפעלקערלעכער אָנגעשטרענגטקייט, — דאָס זײַנען צוויי פּראָצעסן, וועלכע גייען אין קעגנזעצלעכע ריכטונגען. אנטוויקלען זיך אייביק אף פּאראלעלע, אזוי צו זאָגן, קורסן קאָנען זיי ניט. אויב מיר ווילן, אז די אנטשפאנונג און דער שאָלעם זאָלן זײַן פעסטע, דארף מען אָפּשטעלן דעם באוואָפענונגס־געיעג. (שטורמישע, דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן.)

טאקע פון דעם שטאמען די פּילצאָליקע איניציאטיווע מאָסמיטלען פונעם סאָוועטנפארבאנד און פון די אנדערע סאָציאליסטישע מעלוכעס, מאָסמיטלען, וואָס זייער ציל איז פארווירקלעכן אין לעבן די פּראָגראם פון פולער אוןאלגעמיינער אנטוואָפענונג, וועלכע איז באוויליקט געוואָרן דורך דער אָרגאניזאציע פון די פאראייניקטע נאציעס. די זעלבע צילן דינען אויך די פּאָרשלאָגן וועגן טיילווײַזע שריט אף דעם דאָזיקן וועג, אײַנגעשלאָסן אויך דעם פּאָרשלאָג פון פססר וועגן פארקירצן אף 10 פּראָצענט די קריגס־בודזשעטן פון די מעלוכעס — שטענדיקע מיטגלידער פונעם זיכערהײַט־ראט און וועגן אויסנוצן א טייל פון די מיטלען, וועלכע ווען אָפּגעשפּאָרט ווערן אף אזא אויפן, אלס הילף פאר די זיך אנטוויקלענדיקע לענדער, — א פּאָרשלאָג, וואָס געפינט זיך איצט אף דער באטראכטונג פון דער גענעראלער אסאמבליי פון דער אָרגאניזאציע פון די פאראייניקטע נאציעס. (דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן.)

עס ווילט זיך ווענדן די אופמערקזאמקײַט אף נאָך איין אומשטאנד. דער סאָוועטנפארבאנד און די פאראייניקטע שטאטן פון אמעריקע נעמען אָן לויט א פארשטענדיקונג צווישן זיך באשטימטע מאָסמיטלען צו באגרענעצן דאָס, וואָס הייסט אין די מעלוכישע דאָקומענטן סטראטעגיש געווער. מיר לעבן אָבער אין א וועלט, וווּ אלץ געפינט זיך אין אן ענגער קעגנזײַטיקער אָפּהענגיקײַט. עס איז קלאָר, אז דער קאמף פאר ניט דערלאָזן צו א נוקלעארער מילכאָמע קאָן ניט אין מעשעך פון א לאנגער צײַט באשטיין בלויז פון די אָנשטרענגונגען פון צוויי מעלוכעס, באזונדערס אויב די אנדערע מעלוכעס — און אין דער ערשטער ריי די נוקלעארע מעלוכעס — וועלן אין דער זעלבער צײַט ווײַטער פארמערן זייערע באוואָפענונגען.

אונדז דוכט, אז דער פּראָצעס פון באגרענעצן און אָפּשטעלן דעם באוואָפענונגס־געיעג, פונקט ווי דער פּראָצעס פון לינדערן די אָנגעשטרענגטקײַט, דארף פארשפּרייט ווערן אלץ ברייטער און ברייטער, ארומכאפנדיק נײַע מעלוכעס און ראיאָנען פון דער פלאנעטע. פונקט אזוי, ווי עס דארף ווערן אלץ ברייטער דער קרײַז מעלוכעס, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו אזעלכע שוין עקזיסטירנדיקע צווישנפעלקערלעכע פארשטענדיקונגען, ווי, לעמאָשל, די קאָנווענץ וועגן פארבאָטן באקטעריאָלאָגיש געווער, די אָפּמאכן וועגן ניט פארשפּרייטן נוקלעאר געווער און פארבאָטן זײַנע עקספּערימענטאלע אויספּרווון. פאָדערן, אז אזוי זאָל דאָס זײַן, ענערגיש קעמפן דערפאר — דאָס איז דער אומיטלבארער כויוו פון אלע אופריכטיקע שאָלעם־אָנהענגער. (אפּלאָדיסמענטן.)

דער באוואָפענונגס־געיעג ווערט צומאָל אופגענומען ווי עפּעס א זעלבסטפארשטענדלעכע זאך, אָדער ווי אזוינס, וואָס איז פאטאל אומפארמײַדלעך. די דאָזיקע געפערלעכע פּסיכאָלאָגישע אינערציע מוז מען איבערברעכן, און א קאָלאָסאלע ראָליע אין דעם פראט איז בארופן צו שפּילן די פרידנסליבנדיקע געזעלשאפטלעכקײַט פון גאָר דער וועלט. (אפּלאָדיסמענטן.)

מע דארף זען קלאָר, אז א סאקאָנע פאר דעם שאָלעם שאפן גאנץ קאָנקרעטע סאָציאלע גרופּעס, אָרגאניזאציעס און מענטשן. אזוי, לעמאָשל, זאָגן אפילע די סאמע הויכגעשטעלטע טוער פון די גרעסטע לענדער אפן מײַרעוו, אז דער טײַוולאָנישער בונד

פון די מיליטאַריסטן־פּראָפעסיאָנאַלן מיט די מאָנאָפּאָליעס, וואָס ווערן אַלץ רײַכער פון פּראָדוצירן קריגס־געווער, דער בונד, וועלכן עס איז אָנגענומען צו רופן קריגס־אינדוסטריִעלער קאָמפּלעקס, איז געוואָרן אַ מין „מעלוכע אין אַ מעלוכע", האָט באַקומען אַ זעלבשטענדיקע קראַפט. דער מיליטאַריזם פאַרקריפּלט ניט בלויז די געזעלשאַפט, וועלכע האָט אים געבוירן. די גאַזן, וועלכע זעצן פון דער מאַשין, וואָס גרייט אַ מילכאָמע, סאַמען אָפּ די פּאָליטישע אַטמאָספער פון דער פּלאַנעטע מיט די רייכעס פון האַס, שרעק, געוואַלט. קעדיי באַרעכטיקן די עקזיסטענץ פון אַזאַ מאַשין, טראַכט מען אויס באָבעמײַסעס וועגן דער „סאָוועטישער געפאַר", וועגן דער נייטיקײַט צו פאַרטיידיקן די אַזויגערופענע מײַרעוו־דעמאָקראַטיעס. דער מיליטאַריסטישער ראָבאָט כאַוועט אָבער, ווי אַ באַליבט קינד, די סאַמע רעאַקציִאָנערע, טיראַנישע, פאַשיסטישע רעזשימען און פרעסט אויף די דעמאָקראַטישע פרײַהײַטן.

די רעדנערס, וועלכע זײַנען אַרויסגעטראָטן ביז מיר, האָבן ריכטיק גערעדט וועגן די געשעענישן אין טשילי. איך קאָן אויך ניט פאַרבײַגיין די דאָזיקע פראַגע. די גרויליקע, מיט קיין זאַך ניט צוגעדעקטע העפקיירעס איבער דער קאָנסטיטוציע פונעם לאַנד, דאָס אומגעצוימטע טרעטן מיט די פיס די דעמאָקראַטישע טראַדיציעס פון אַ גאַנצער נאַציע, די איזדיעקענישן איבער דער עלעמענטאַרער געזעצלעכקײַט, די צעשיסונגען, פּײַניקונגען און דער באַרבאַרישער טעראָר, די ביכער־שײַטערס — אָט דאָס איז זי, די עמעסע פאַשיסטישע צײַכן־קריצעניש פון דער מיליטערישער כונטע, אָט דאָס איז עס, דאָס עמעסע פּאָנעם פון דער רעאַקציע, פון דער אינערלעכער און אויסערלעכער, וועלכע איז גרייט צו באַגיין אַ באַליביקן פאַרברעכן, אַבי אופשטעלן אירע פּריווילעגיעס, טראָץ דעם קלאָרן און פרײַ אויסגעדריקטן ווילן פונעם פאָלק.

די טראַגעדיע פון טשילי האָט מיט אַ שנײַדנדיקן ווייטעק זיך אָפּגערופן אין די הערצער פון מיליאָנען מענטשן, אין די פאַרשיידנסטע קרײַזן פון דער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפטלעכקײַט פון אַלע לענדער פון דער וועלט. דער נאָמען פון סאַלוואַדאָר אַליענדע, די נעמען פון די אַנדערע העלדן פון דעם דאָזיקן לאַנד, וועלכע האָבן מאַקריוו געווען זייערע לעבנס לעשעם דער פרײַהײַט און שאָלעם, וועלן אויף שטענדיק פאַרהיט ווערן אין אונדזער זיקאָרן. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.) דערלויבט אויסצודריקן פון דער טריבונע פונעם קאָנגרעס אונדזער פולסטע סאָלידאַריטעט מיט די דעמאָקראַטן און פּאַטריאָטן פון טשילי און די פעסטע איבערצײַגונג, אַז די גערעכטע זאַך, פאַר וועלכער זיי האָבן געקעמפט און קעמפן איצט אין אַזעלכע שווערע באַדינגונגען, — די זאַך פון אומאָפּהענגיקײַט, דעמאָקראַטיע און סאָציִאַלן פּראָגרעס, — קאָן ניט באַזיגט ווערן, קאָן ניט פאַרטיליקט ווערן. (שטורמישע, דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.) און די פאַרטיידיקונג פון די דאָזיקע הויכע ווערטן, דאָס פאַרווירקלעכן זיי אין לעבן, דער קאַמף קעגן יענע, וועלכע באַדראָען די דאָזיקע ווערטן און ווילן זיי פאַרניכטן, זײַנען אָרגאַניש פאַרבונדן מיטן קאַמף פאַר זיכערן דעם פעסטן שאָלעם אויף דער ערד.

ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער פּאָליטיק פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ און פון פרידלעכער מיטאַרבעט פון די מעלוכעס אומאָפּהענגיק פון זייער סאָציִאַלער אָרדענונג, פרעגט מען אָפּט בײַ אונדז, קאָמוניסטן: און צי פּאָרט זיך די דאָזיקע פּאָליטיק מיט די רעוואָלוציִאָנערע אָנשויונגען?

איך וועל דערמאָנען, וואָס לענין — אָט דער גרעסטער רעוואָלוציִאָנער — האָט געזאָגט: רעוואָלוציעס מאַכן זיך ניט לויט אַ באַשטעלונג אָדער פאַרשטענדיקונג. מע קאָן צוגעבן, אַז די רעוואָלוציע, דעם קלאַסנקאַמף, די באַפרײַונגס־באַוועגונגען קאָן מען אויך ניט אָפּשאַפן לויט אַ באַשטעלונג אָדער פאַרשטענדיקונג. ניטאָ אויף דער וועלט אַזאַ קראַפט, וואָס זאָל קאָנען אַ קערעווע טאָן אויף צוריק דעם אומפאַרמײַדלעכן פּראָצעס פון באַנײַען דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן. דאָרט, ווו עס עקזיסטירט קאָלאָניִאַליזם, וועט זײַן אַ קאַמף פאַר נאַציִאָנאַלער באַפרײַונג. (אַפּלאָדיסמענטן.) דאָרט, ווו עס איז פאַראַן עקספּלואַטאַציע, וועט זײַן אַ קאַמף פאַר באַפרײַען די מי. (אַפּלאָדיסמענטן.) דאָרט, ווו עס איז פאַראַן אַגרעסיע, דאָרט וועט זײַן אַ ווידערשטאַנד קעגן איר. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

די פאָלקסמאַסן שטרעבן צו ענדערן די וועלט, און זיי וועלן זי ענדערן. וואָס אָנבאַלאַנגט דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, וועט ער שטענדיק זײַן אויף דער זײַט פון די קרעפטן פונעם סאָציִאַלן פּראָגרעס. (אַפּלאָדיסמענטן.) מיר זײַנען קעגנער פון „רעוואָלוציע־עקספּאָרט". צוזאַמען דערמיט דריקן אויס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, אונדזער רעגירונג, דאָס גאַנצע סאָוועטישע פאָלק אָפן און קלאָר די סאָלידאַריטעט מיט זייערע ברידער לויטן קלאַס, וועלכע קעמפן אין די אַנדערע לענדער, זייער סאָלידאַריטעט מיט די באַפרײַערישע, אַנטי־אימפּעריִאַליסטישע באַוועגונגען. (שטורמישע, דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.) און די דאָזיקע פּאָזיציע ווידערשפּרעכט אין קיין פאַל ניט דעם קאַמף פאַר שאָלעם, פאַר פרידלעכער מיטאַרבעט צווישן די מעלוכעס. (אַפּלאָדיסמענטן.)

פאַרטיידיקנדיק די פּרינציפּן פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ, קעמפן מיר דערפאַר, וואָס עס איז טײַערער פון אַלץ פאַר די מיליאַרדן מענטשן אף דער וועלט, — פאַרן רעכט אפן עצעם לעבן, פאַר פאָטער ווערן פון דער געפאַר, אַז דאָס לעבן זאָל אומגעבראַכט ווערן אינעם מילכאָמע־פּלאָם. אין דער זעלבער צײַט קעמפן מיר דערמיט גופע פאַר זיכערן גינסטיקע צווישנפעלקערלעכע באַדינגונגען אינעם פאָרויסמאַרש פונעם סאָציאַלן פּראָגרעס פון אַלע לענדער און פעלקער. עס האַנדלט זיך וועגן אַנערקענען פאַר יעדן פאָלק דאָס רעכט אויסצוּווײַלן יענע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, וועלכע עס פאַרלאַנגט, וועגן פאָשעטע און קלאָרע נאָרמעס פון באַציִונגען צווישן מעלוכעס. דאָס ברעכן די דאָזיקע נאָרמעס ברענגט ניט בלויז צום אונטערײַסן די גלײַכבאַרעכטיקונג אין די באַציִונגען צווישן די לענדער, נאָר אויך צו באַוואָפנטע קאָנפליקטן, ווײַל אין אונדזער צײַט קאָנען די פעלקער ניט שאָלעם מאַכן און וועלן ניט שאָלעם מאַכן מיט דיקטאַט. און זיי האָבן דאָס פולע רעכט צו געבן א ווידערשטאַנד דער אַגרעסיע. אין די באַדינגונגען, ווען די וועלט איז צעשפּאָלטן אף צוויי סיסטעמען, קאָן די צווישנפעלקערלעכע זיכערהײַט זיך בויען בלויז אפן יעסאָד פון אָפּהיטן פולשטענדיק, אָן קיינע אויסנאַמען, די פּרינציפּן פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ, באַזונדערס אפן יעסאָד פון ניט אַרײַנמישן זיך אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהײַטן פון די מעלוכעס.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט קאָן מען נישט ניט לייגן אַכט אף דעם, וואָס די לעצטע צײַט ווילן אייניקע קרײַזן אין מײַרעוו פאַקטיש אַרומגיין די דאָזיקע פּרינציפּן מיט זײַטיקע וועגן, פאַרלייגנדיק עפּעס אַזוינס, ווי א נײַע אויפלאַגע פון „קאַלטן", צי, אויב איר ווילט, „פּסיכאָלאָגישן קריג". עס האַנדלט זיך וועגן א קאַמפּאַניע, וואָס ווערט געפירט אונטערן צוויִעסדיקן לאָזונג פון „פאַרטיידיקן די רעכט פונעם מענטשן" אין די סאָציאַליסטישע לענדער.

איינע פון די איניציאַטאָרן פון אָט דער קאַמפּאַניע באַהויפּטן, אַז די לינדערונג פון דער אָנגעשטרענגטקײַט איז אוממעגלעך, אויב עס וועלן ניט פאָרקומען קיין ענדערונגען אין דער אינערלעכער אָרדענונג פון די סאָציאַליסטישע לענדער. אַנדערע טרעטן קלוימערשט ניט אַרויס קעגן דער אינערלעכער אָרדענונג, אָבער זיי דערקלערן מיט איבעראַשנדיקער אָפנקײַט, אַז זיי האָבן בעדייע אויסצונוצן דעם לינדערונגס־פּראָצעס אף אָפּשוואַכן די סאָציאַליסטישע אָרדענונג און, אין דער אונטערשטער שורע, קעדיי דערשלאָגן זיך, אַז זי זאָל זיך צעפאַלן. אָבער דעם ברייטן אוילעם טראָגט מען אונטער די דאָזיקע טאַקטיק אַלס א זאָרג וועגן די רעכט פונעם מענטשן אָדער וועגן דער אַזויגערופענער „ליבעראַליזאַציע" פון אונדזער אָרדענונג.

לאָמיר, טײַערע פרײַנט, אָנרופן די זאַכן מיט זייערע נעמען. מע רעדט וועגן פרײַהײַט און דעמאָקראַטיע, וועגן די רעכט פונעם מענטשן, און פּראַקטיש האָט אָט די גאַנצע טומלדיקע קאַמפּאַניע איין ציל: פאַרמאַסקירן די פּרוּוון אַרײַנצומישן זיך אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהײַטן פון די סאָציאַליסטישע מעלוכעס, פאַרמאַסקירן די אימפּעריאַליסטישע צילן פון דער אייגענער פּאָליטיק. מע דאַרשנט וועגן „ליבעראַליזאַציע" און מע האָט אין זינען די ליקווידאַציע פון די רעאַלע דעראָבערונגען פונעם סאָציאַליזם, דאָס אונטערײַסן די סאָציאַל־פּאָליטישע רעכט פון די פעלקער פון די סאָציאַליסטישע לענדער.

מיר האָבן ניט קיין גרונט צו באַזײַטיקן זיך פון אַן ערנסטן שמועס וועגן די רעכט פונעם מענטשן, אונדזער רעוואָליוציע, דער זיג פונעם סאָציאַליזם בא אונדז אין לאַנד האָבן ניט בלויז פּראָקלאַמירט, נאָר אויך רעאַל געזיכערט די רעכט פונעם אַרבעטנדיקן מענטשן פון יעטווידער נאַציאָנאַליטעט, די רעכט פון די מיליאָניקע מאַסן אַרבעטנדיקע — אַזוי, ווי דאָס האָט ניט געקאָנט טאָן דער קאַפּיטאַליזם אין קיין שום לאַנד פון דער וועלט. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

עס קאָן זײַן, אַז פונעם שטאַנדפּונקט פון דער בורזשואַזער וועלט־אָנשויונג זײַנען אַזעלכע רעכט פונעם מענטשן, ווי דאָס רעכט אף אַרבעט, אף בילדונג, אף סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, אף אומזיסטער מעדיציניִשער הילף, אף אָפּרו און אַנדערע, — עפּעס צווייטראַנגיקע רעכט, אָדער אַפילע אַזעלכע, וואָס קאָנען ניט אָנגענומען ווערן. בלויז איין ציפער: אין די ניט־סאָציאַליסטישע לענדער זײַנען איצט בא הונדערט מיליאָן מענטשן אַרבעטסלאָז. אין א סאַך קאַפּיטאַליסטישע לענדער ווערן געשטיקט די רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן, פון די אויסלענדישע אַרבעטער, די רעכט פון די פרויען אף א גלײַכן אַרבעטסלוין מיט די מאַנצבלען. צי ניט צוליב דער דאָזיקער סיבע זײַנען א סאַך מײַרעוו־מעלוכעס ביז איצט ניט געוואָרן אָנטיילנעמער אין די צווישנפעלקערלעכע פאַקטן, וועלכע האָבן א שײַכעס צום זיכערן די סאָציאַלע און פּאָליטישע רעכט פונעם מענטשן?

די גיגאַנטישע סאָציאַל־עקאָנאָמישע איבערגעשטאַלטונגען בא אונדז אין לאַנד — דאָס איז א רעזולטאַט פון דער סאַמע ברייטער און באַוווסטזיניקער פּאָליטישער שאַפונג פון די פאָלקסמאַסן און צוזאַמען דערמיט פון זייער ווילן צו פאַרטיידיקן קעגן יעטווידן פאַרמעסטן

זיך אף דער אָרדענונג, וועלכע זיי האָבן מיט זייערע הענט געשאפן. אָט פארוואָס די סאָוועטישע מענטשן וועלן ניט דערלאָזן צו קיינע אטענטאטן אף דער סוווערעניטעט פון אונדזער מעלוכע, דער פארטיידיקערן פון זייערע סאָציאַל־פּאָליטישע דעראָבערונגען. (שטורמישע אפּלאָדיסמענטן.) די דאָזיקע סוווערעניטעט איז ניט קיין מעכיצע אפן וועג פון קאָנטאקטן און אויסטוישן, נאָר א זיכערע גאראנטיע פון די רעכט און פרײַהײַטן, וועלכע אונדזער פאָלק האָט מיט אזויפיל מי אויסגעקעמפט.

די סאָוועטישע געזעצן גיבן אונדזערע בירגער ברייטע פּאָליטישע פרײַהײַטן. אין דער זעלבער צײַט באשיצן זיי אונדזער אָרדענונג, די אינטערעסן פונעם סאָוועטישן פאָלק קעגן באליביקע פרוון צו מיסברויכן מיט די דאָזיקע פרײַהײַטן. און דאָס איז אין פולן העסקעם מיט די צווישנפעלקערלעכע פאקטן וועגן מענטשן־רעכט, וועלכע דער סאָוועטנפארבאנד האָט ראטיפיצירט, פאקטן, ווו עס איז געזאָגט, אז די דערמאָנטע רעכט „קאָנען ניט זײַן קיין אָביעקט פאר קיינע באגרענעצונגען, אויסער יענע, וועלכע זיינען פאָרויסגעזען דורכן געזעץ, זײַנען נייטיק אף אָפּצוהיטן די מעלוכע־זיכערהײַט, די געזעלשאפטלעכע אָרדענונג, דאָס געזונט אָדער די זיטלעכקײַט פון דער באפעלקערונג אָדער די רעכט און די פרײַהײַטן פון אנדערע...”. מיר האָבן אונטער דעם געשטעלט אינדזער כסימע.

וועגן וועלכע פרײַהייטןריידן יענע, וועלכע פאלן אָן אף אונדז?

בא אונדז איז, אשטייגער, פאראן א געזעץ, וואָס פארבאָט יעטווידע פאָרמען פון מילכאָמע־פּראָפּאגאנדע. פאראן א געזעצגעבונג, וואָס מאכט פאר אויסגעשלאָסן די פארשפרייטונג פון די אידייען פון ראסאָווער אָדער נאציאָנאלער סינע און האס, וועלכע דערנידעריקן די נאציאָנאלע ווירדע פון אוועלכן־ניט־איז פאָלק. פאראן געזעצן, וואָס באקעמפן אמאָראלע דערשײַנונגען, זיטלעכע דעמאָראליזאציע פון דער געזעלשאפט. עפשער פארלאנגט מען, אז לעשעם דעם פרײַען אויסטויש פון אידייען און אינפאָרמאציע זאָלן מיר זיך אָפּזאָגן פון די דאָזיקע געזעצן? אָדער עפשער וויל מען אונדז איבערצײַגן, אז דאָס וואָלט געדינט דער לינדערונג פון דער אָנגעשטרענגטקײַט און דער דערנעענטערונג צווישן די פעלקער? (אפּלאָדיסמענטן.)

„אָדער ענדערט אײַער לעבנס־אופן, אָדער א „קאלטער קריג”,— זאָגט מען אונדז. נו, און אויב מיר וועלן ענטפערן מיט דעם זעלבן? אויב אלס פאָרהאנאָכע פאר דער אנטוויקלונג פון נאָרמאלע צווישן־מעלוכישע באציִונגען וועלן מיר פאָדערן, מע זאָל ענדערן אזעלכע געזעצן און אָרדענונגען אין דער בורזשואזער געזעלשאפט, וועלכע ווידערשפרעכן אונדזערע באגריפן וועגן יוישער און דעמאָקראטיע? (שטורמישע, דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן.) איך מיין, אז אזעלכע פאָדערונגען וועלן ניט פארבעסערן די פערספעקטיוון פון דער געזונטער אנטוויקלונג פון די צווישן־מעלוכישע באציִונגען.

מע קאָן ניט קעמפן פאר שאָלעם, ווען מע פארמעסט זיך אף די סוווערענע רעכט פון אנדערע פעלקער. מע קאָן ניט זײַן קיין קעמפער פאר די רעכט פונעם מענטשן און אין דער זעלבער צײַט טאָרפּעדירן די פרינציפּן פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ. (דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן.)

לאָמיר זאָגן אָפן: אונטערײַסן די וועלט פונעם סאָציאַליזם איז איצט שוין קיינער ניט אימשטאנד (שטורמישע אפּלאָדיסמענטן), אָבער אונטערײַסן דעם שאָלעם קאָן מען נאָך, צום באדויערן, יאָ. ווײַל דער שאָלעם איז אָפּהענגיק פון די פּילזײַטיקע באמיִונגען און ניט אין דער לעצטער ריי פון דער קעגנזײַטיקער — איך באטאָן — קעגנזײַטיקער אכטונג צו די פרינציפּן פון סוווערעניטעט און ניט־ארײַנמישונג אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהײַטן. וואָס אָנבאלאנגט דעם סאָוועטנפארבאנד, וועט אונדזער מעלוכע־שיף דורכשנײַדן די דריבנע כוואליעכלעך, וועלכע זײַנען ארויסגערופן דורך די פײַנטלעכע צום סאָציאַליזם פּראָפּאגאנדיסטישע קאמפּאניעס, און אויך אף ווײַטער גיין זיכער מיט איר קורס, — צום קאָנסטרוקטיוון לייזן די פּראָבלעמען, וואָס שטייען אין טאָג־סיידער פונעם צווישנפעלקערלעכן לעבן. (שטורמישע, דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן.)

## III

טײַערע פרײַנט! די מענטשהײַט נייטיקט זיך אין א פעסטן שאָלעם. נאָר ווען וועט ער אָנקומען און וויאזוי וועט ער אויסזען — דאָס איז אָפּהענגיק פון דער פייִקײַט פון די פרידנס־ליבנדיקע קויכעס אויסצונוצן אין דער פולער מאָס די מעגלעכקײַטן, וועלכע זײַנען שוין געשאפן געוואָרן.

איך מיין, אז קיינעם פון אונדז וועט ניט באפרידיקן א שאָלעם, וואָס שפּארט זיך אָן, ווי פריִער, אפן „גלײַכגעוויכט פון שרעק”. אזא שאָלעם וואָלט זיך ווייניק וואָס אונטער־

שײדט פונעם „קאַלטן קריג״. דאָס וואָלט געווען אַ „קאַלטער שאָלעם״, וואָס וואָלט קאָנען לײַכט אומקערן זיך אױף צוריק צו אַן אָנגעשטרענגטער קאָנפראָנטאַציע, וואָס דריקט אױפן באַוווּסטזײַן און אױפן לעבן פון די פעלקער, איז פול מיט דער געפאַר פון אַ וועלט־קאָנפליקט.

די פעלקער ווילן אַ שאָלעם אַ זיכערן און אַ שטענדיקן, אַ שאָלעם, וואָס איז באַזירט, אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, אױפן גלײַכגעוויכט פון זיכערהײַט און קעגנזײַטיקן צוטרוי. דאָס איז אַ שאָלעם, וואָס איז אױפן פאַר אַ ברייטער צווישנפעלקערלעכער מיטאַרבעט לעשעם דעם פּראָגרעס. (דויערנדיקע אָפּלאָדיסמענטן.)

שאָלעם איז אַ פאַרמעגן, וואָס זײַן ווערט איז ניט אָפּצושאַצן. לעבן, וויסנדיק, אַז אינערגעץ גיסט זיך ניט קיין בלוט, זײַן זיכער, אַז באָמבעס און סנאַריאַדן וועלן מאָרגן ניט אָנהייבן פאַלן אױפן דאַך פון דײַן הויז, אַז די קינדער וועלן קאָנען אויסוואַקסן און ניט איבערלעבן די טראַגעדיעס און ליידן, וועלכע די עלטערע דורות האָבן איבערגעלעבט, — דאָס אַלץ איז דאָס גרעסטע גליק.

אָבער שאָלעם איז ניט בלויז אַ פראַגע פון זיכערהײַט. שאָלעם איז אויך די וויכטיקסטע פאָרױסזעצונג צום לייזן די גרעסטע פּראָבלעמען פון דער הײַנטצײַטיקער ציוויליזאַציע. און מיט די דאָזיקע פּראָבלעמען איז פאַרבונדן די עצם צוקונפט פון דער מענטשהײַט. יאָ, די צוקונפט פון דער גאַנצער פּלאַנעטע, און דערמיט מוז מען זיך רעכענען, ווען מע לייזט די פּראָבלעמען פון הײַנטיקן טאָג, ווי קאָמפּליצירט און ווי שווער זיי זאָלן ניט זײַן אַליין פאַר זיך. איר, די פאָרשטייער פון דער פּילאַרטיקער געזעלשאַפטלעכקײַט פון אַלע עקן וועלט, איר פילט דאָס מיסטאָמע באַזונדערס שאַרף.

עס איז גענוג אָנצורופן דאָ בלויז אייניקע פון די פּראָבלעמען, וועלכע רופן שוין הײַנט אַרויס אַ זאָרג בײַ אַ סאַך מענטשן: דאָס לייזן די פּראָבלעם פון ענערגעטישע רעסורסן, דאָס באַשיצן די נאַטור, וואָס רינגלט אונדז אַרום, דאָס ליקווידירן אַזעלכע דערשײַנונגען, ווי מאַסן־הונגער און געפערלעכע קרענק, דאָס באַהערשן די אויצרעס פונעם וועלט־אָקעאַן.

דאָס אַלץ פאָדערט אַלזײַטיקע, אויפריכטיקע, זאַכלעכע מיטאַרבעט פון די רעגירונגען, פון די פאָרשטייער פון די עקאָנאָמישע און וויסנשאַפטלעכע קרײַזן און, פאַרשטייט זיך, פון די סאַמע פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס — פּאָליטישע, פּראָפעסיאָנעלע, אױפן געביט פון קולטור. עס איז נייטיק, אַז די פעלקער זאָלן גוט קענען איינס דאָס אַנדערע און דאָס הייסט, אַז זייערע פּילצאָליקע פאָרשטייער דאַרפן האָבן צווישן זיך אַ לעבעדיקן, פאַרשיידנאַרטיקן פאַרקער.

עס פאַרשטייט זיך, אַז דער סאַמע ערשטער באַדינג פאַר אַזאַ מיטאַרבעט איז — שאָלעם. אויסער דער סיסטעם פון צווישנפעלקערלעכע באַציִונגען, וואָס איז באַזירט אױף פרידלעכער קאָעקזיסטענץ, איז אוממעגלעך סײַ צוטרעטן גרינטלעך צום לייזן די אַלמענטשלעכע פּראָבלעמען פון דער צוקונפט, סײַ אויספילן מיט דערפאָלג אַ סאַך דרינגענדיקע אויפגאַבן פון דער הײַנטיקער צײַט.

די קאָנקרעטע ריכטונגען פון דער ווײַטערדיקער באַוועגונג אױפן וועג צו אַזאַ שאָלעם, וועלכן מיר אַלע פאַרלאַנגען, זײַנען קלאָר. איך האָב גערעדט וועגן זיי פריִער. די דאָזיקע ריכטונגען זאָגט אונטער די עצם צווישנפעלקערלעכע סיטואַציע, וואָס האָט זיך געשאַפן. און מיר זײַנען טיף איבערצײַגט, אַז מיט געמיינזאַמע באַמיִונגען קאָן מען זיך דערשלאָגן צו דער רעאַליזירונג פון יענע לעבנס־אויפגאַבן, וועלכע זײַנען איצט אַרויסגעשטעלט געוואָרן אױפן ערשטן פּלאַן פונעם קאַמף פאַר פאַרפעסטיקן דעם שאָלעם.

דאָס איז קוידעמקאָל — מיטווירקן, עס זאָלן אײַנרעגולירט ווערן אױף אַ יושערדיקער באַזע די נאָך עקזיסטירנדיקע באַוואָפנטע קאָנפליקטן.

דאָס איז — שאַפן אַ סיסטעם פון קאָלעקטיווער זיכערהײַט אין אייראָפּע, דערנאָך אויך אין אַזיע, וואָס דאָס וואָלט דערלויבט צו בײַקומען בעהאַדראָגעדיק די איצטיקע צעטיילונג פון דער וועלט אױף קריגס־פּאָליטישע בלאָקן.

דאָס איז — אָפּשטעלן דעם געיעג פון נוקלעאַרע און אַנדערע באַוואָפענונגען אױפן סמאַך פון ערלעך אויספילן די פאַרפליכטונגען, וועלכע די מעלוכעס האָבן אױף זיך פרײַוויליק גענומען, און — וואָס עס איז באַזונדערס אַקטועל — אָנשליסן צו דעם דאָזיקן פּראָצעס אַלע גרויסע לענדער. דערמיט גופע וואָלט געמאַכט געוואָרן אַן אָנהייב צום פאַרשמעלערן בעהאַדראָגעדיק די מאַטעריעלע באַזע פון דער קריגס־קאָנפראָנטאַציע.

דאָס איז — אַנטוויקלען די עקאָנאָמישע, וויסנשאַפטלעך־טעכנישע און קולטורעלע מיטאַרבעט אױף די פּרינציפּן פון פולער גלײַכבאַרעכטיקונג, קעגנזײַטיקער לוינבאַרקײַט, אָן קיין שום דיסקרימינאַציע און אָן פּרוּוון צו אַרײַנמישן זיך אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהײַטן פונעם צווייטן צאַד.

אָט אַזוי שטעלן מיר זיך פאָר די אַקטועלע אויפגאַבן פונעם קאַמף פאַר שאָלעם אין די הײַנטצײַטיקע באַדינגונגען. פאַרשטייט זיך, אױף צו לייזן אייניקע פון די דאָזיקע אויפגאַבן

וועט זיך פאָדערן צײַט, אנדערע מאָנען, מע זאָל אָנעמען טייקעפדיקע, דרינגענדיקע אקציעס שוין איצט. נאָר קעדיי צו לייזן סײַ די, סײַ יענע אופגאבן, זײַנען נייטיק אײַנגעשפּארטע, ענערגישע, אקטיווע באמיִונגען סײַ פון די מעלוכעס, סײַ פון די פּאָליטישע קרעפטן, סײַ פון די ברייטע געזעלשאפטלעכע קרעפטן, וועלכע זײַנען פארינטערעסירט אינעם פארפעסטיקן דעם שאָלעם.

די לאנגע יאָרן פונעם „קאלטן קריג" האָבן געלאָזט זייערע שפורן אינעם באוווסטזײַן — און ניט בלויז בא די פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטיקער. דער צוגאנג צו יעדער פראגע מיט א פּאָרויסיקער אומבאגרינדעטער מיינונג, די שטענדיקע כשאָדים, דאָס שלעכטע קענען, און אפילע ניט וועלן וויסן די ווירקלעכע פּאָזיציעס און מעגלעכקײַטן פון די אנדערע — אזעלכע זײַנען די שפורן אינעם באוווסטזײַן. איבערבויען זיך איז זייער ניט קיין לײַכטע זאך. אָבער טאָן דאָס איז נייטיק, מע מוז זיך לערנען מיטארבעטן.

אונדזער שאָלעם־פילאָסאָפיע איז א פילאָסאָפיע פון היסטאָרישן אָפּטימיזם. ניט געקוקט אף דער קאָמפּליצירטקײַט און ווידערשפּרעכיקײַט פון דער הײַנטיקער סיטואציע, זײַנען מיר זיכער אינעם דערפּאָלג פונעם פרידנס־אָנגריף, וואָס האָט זיך איצט ברייט פאנאנדערגעוויקלט. אף וואָס איז באזירט דער דאָזיקער אָפּטימיזם?

קוידעמקאָל אף דעם, וואָס עס עקזיסטירט אזא שטענדיקער, מעכטיקער און דינאמישער שאָלעם־פאקטאָר, ווי דער רעאלער סאָציאליזם, וואָס זײַן פרידנסליבנדיקע פּאָליטיק דרינגט ארויס פונעם עצעם מעהוס פון דער דאָזיקער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג. אונדזער אָפּטימיזם שטיצט זיך אף דער איינהײַט פון די אָנשויונגען און מײַסים פון דער מערהײַט סאָציאליסטישע מעלוכעס. (אפּלאָדיסמענטן.)

אונדזער אָפּטימיזם איז באזירט אף דעם, וואָס עס זײַנען טיף פארינטערעסירט אין א יוישערדיקן און דעמאָקראטישן שאָלעם א סאך מעלוכעס און פעלקער פון אזיע, אפריקע און לאטײַן־אמעריקע, דערונטער די נייטראלע לענדער. (אפּלאָדיסמענטן.)

אונדזער אָפּטימיזם באזירט זיך אף די שוין דערגרייכטע דערפּאָלגן פון דער פּאָליטיק פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ, אף דעם, וואָס אין די אָנפירנדיקע קרײַזן פון א ריי קאפּיטאַליסטישע לענדער וואקסט דער פארשטאנד פאר דער רעאלער קרעפטן־פארהעלטעניש אין דער וועלט און פאר דעם, אז מילכאָמעס טאָרן ניט זײַן קיין מיטל פון לייזן צווישנפעלקערלעכע פּראָבלעמען.

אונדזער איבערצײַגטקײַט, אז שאָלעם איז אזא קויעך, וואָס מע קאָן אים ניט בײַקומען, שטיצט זיך אפן טיפן גלויבן אין דער גרויסער לעבנסבאשטעטיקנדיקער קראפט פון דער פרידנסליבע פונעם ארבעטס־מאן — פונעם ארבעטער, פּויער, אינטעליגענט. און זיי בילדן די גרעסטע, איבערוועגנדיקע מערהײַט אײַנוווינער פון אונדזער פּלאנעטע.

אונדזער אָפּטימיזם בענעגייע דעם שאָלעם פארבינדן מיר, ענדלעך, מיט דער טעטיקײַט פון אלע געזעלשאפטלעכע באוועגונגען, וועלכע טרעטן ארויס פאר שאָלעם און זײַנען דאָ, אף אָט דעם וועלט־פאָרום, אזוי ברייט פארטראָטן, מיר פארבינדן אים מיט דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פון די געמיינזאמע אקציעס פון די קאָמוניסטן, סאָציאליסטן, סאָציאַל־דעמאָקראטן, קריסטן.

אָט דאָס פלאנצט האָפענונג און גיט צו זיכערקײַט.

אָבער דאָס, וואָס עס איז דערגרייכט געוואָרן אפן וועג צו שאָלעם. נייטיקט זיך אין קעסיידערדיקער אנטוויקלונג. דער דאָזיקער וועג וועט אויך ווײַטער ניט זײַן קיין פּאָשעטער. מע וועט מוזן בײַקומען א היפּש ביסל שטערונגען, אָפּשלאָגן ניט איין קאָנטר־אטאקע פון די סאָנים פון שאָלעם. די קאָמפּליצירטקײַט פונעם קאמף איז פארבונדן אויך מיט די נײַע באדינגונגען, מיטן נײַעם עטאפּ פון די צווישנפעלקערלעכע באציִונגען, וואָס אין אים זײַנען מיר שוין ארײַנגעטראָטן. ער וועט פאָדערן, פּונקט ווי פריִער, ניט בלויז גרויסע קאָנסעקווענץ, פעסטקײַט און ענערגיע, נאָר אויך א פארפולקומונג פון די ארבעטס־פאָרמען, נײַע מעטאָדן, דאָס ארויסווײַזן צו דער צײַט און פינקטלעך די קאָנקרעטע איניציאַטיוון, וועלכע זײַנען אים־שטאנד ניט צו דערלאָזן דעם אופקום פון צענטערס פון אָנגעשטרענגטקײַט, דאָס ניט דערלאָזן קיין פאלן פון דורכרײַסן אינעם לינדערונג־פּראָצעס. עס שטייט נאָך פאָר א סאך צו טאָן, קעדיי צו אקטיוויזירן יעדן איינעם פון די פרידנסליבנדיקע שטראָמען און אין דער זעלבער צײַט — קעדיי צונויפגיסן זיי אין איין אלגעמיינעם שטראָם. די פאָדערונג פונעם הײַנטיקן היסטאָרישן מאָמענט, אויב איר ווילט — די פאָדערונג פון דער עפּאָכע, איז פאראייניקן אלע פרידנסליבנדיקע קרעפטן פון דער מענטשהײַט לעשעם דער אופגאבע צו זיכערן די פרידלעכע אנטוויקלונג פון אלע לענדער, פון אלע פעלקער.

טײַערע פרײַנט! מיליאָנען מענטשן אין גאָר דער וועלט דערווארטן א סאך פונעם וועלט־קאָנגרעס פון די פרידנסליבנדיקע קרעפטן. זיי ווארטן אף ענטפערס אף די ברענענדיקע

פראגן, וועלכע רעגן די ברייטסטע מאסן, זיי ווארטן אף אן אָריענטירונג פאר דער געזעלשאפטלעכער וועלט־באוועגונג, וואָס איז בארופן צו העלפן אינעם לייזן איינע פון די קארדינאלע פראָבלעמען פונעם XX יאָרהונדערט — די פראָבלעם פון זיכערן א פעסטן שאָלעם. דאָס איז א גרויסע פאראנטוואָרטלעכקייט, אָבער אויך א גרויסער, ווי מיר דוכט, באגייסטערנדיקער סטימול. (אפלאָדיסמענטן.)

דערלויבט צו פארזיכערן אייך, אז אין אייער טעטיקייט צו פארשטארקן דעם שאָלעם וועט איר געפינען די סאמע הייסע און עפעקטיווע שטיצע פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פונעם סאָוועטנפארבאנד און פון דער סאָוועטן־רעגירונג, פון אלע סאָוועטישע מענטשן. (שטורמישע, דויערנדיקע אפלאָדיסמענטן.)

דאָס אינערלעכע לעבן פונעם סאָוועטנפארבאנד, די טאטן און פארלאנגען פון די סאָוועטישע מענטשן, פון אונדזער פארטיי און רעגירונג זיינען דורכגעזאפט מיט דער שטרעבונג צו שאָלעם. סיי יענע מענטשן, וועלכע זיינען בא אונדז געווען פריער, סיי יענע, וועלכע זיינען געקומען קיין מאָסקווע צום ערשטן מאָל, — אלע זעען באשיימפערלעך, אז דאָס סאָוועטישע פאָלק איז ארומגעכאפט מיטן פאטאָס פון פרידלעכער שעפערישער בויונגס־ארבעט.

איצט פארענדיקט אונדזער פאָלק דאָס דריטע יאָר פונעם נייַנטן פינפיאָר. שוין איצט, אורטיילנדיק לויט די פאָרלויפיקע סאכאקלען פון די דריי יאָר, קאָנען מיר מיט זיכערקייט זאָגן, אז די סאָציאַל־עקאָנאָמישע גרונט־צייגערס, וועלכע עס האָט אָנגעמערקט דער XXIV צוזאמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פונעם סאָוועטנפארבאנד, וועלן אויסגעפילט ווערן. (אפלאָדיסמענטן.) אלס באשטעטיקונג דינען קוידעמקאָל דער שטאנדהאפטיקער וווּקס פון דער נאציאָנאלער האכנאָסע פונעם לאנד, וועלכע וועט פאר די דריי יאָר פונעם פינפיאָר זיך פארגרעסערן אף 16,4 פראָצענט.

גרויסע דערפאָלגן זיינען דערגרייכט געוואָרן אין דער אנטוויקלונג פון אלע צווייַגן פון דער פאָלקסווירטשאפט. אויב לויטן פלאן פונעם יאָר 1973 איז דער צוּוווּקס פון דער אינדוסטריעלער פראָדוקציע אָנגעמערקט אף 5,8 פראָצענט, האָט ער פאר די נייַן כאדאָשים פונעם לויפנדיקן יאָר, אין פארגלייך מיטן אנטשפרעכיקן פעריאָד פונעם פאָריקן יאָר, באטראָפן פאקטיש 7,3 פראָצענט. (אפלאָדיסמענטן.)

אין רעזולטאט פון דער שטענדיקער זאָרג פון דער פארטיי און סאָוועטן־רעגירונג, פון דער מעסירעסנעפעשדיקער ארבעט פון די האָרעפּאשניקעס פון דאָרף האָבן מיר האיאָר א רעקאָרד־גערעטעניש. (אפלאָדיסמענטן.) טווּע וועט, ווייַזט אויס, צונויפגעזאמלט ווערן מער פון 215 מיליאָן טאָן, אָדער, אויב אויסדריקן דאָס אין די טראדיציאָנעלע רוסישע מאָסן, מער פון 13 מיליארד פוד. (אפלאָדיסמענטן.) דער יאָר־פלאן פון איינקויפן טווּע מיצאד דער מעלוכע איז שוין איבערגעשטיגן. רוי־בוימוואָל וועט איינגעקויפט ווערן מער פון זיבן א האלבן מיליאָן טאָן, צוקער־בורעקעס — העכער 82 מיליאָן טאָן. דאָס זיינען אויך גרויסע דערפאָלגן.

בלויז פאר די דריי יאָר פונעם לויפנדיקן פינפיאָר וועלן אין די שטעט און דערפער פונעם סאָוועטנפארבאנד אויסגעבויט ווערן ארום 7 מיליאָן נייַע דירעס. (אפלאָדיסמענטן.)

די דאָזיקע דערפאָלגן רופן ארויס פרייד בא די סאָוועטישע מענטשן, עס באגריסן זיי אויך אונדזערע פריינט אין גאָר דער וועלט. זיי ווייסן, אז די דאָזיקע דערפאָלגן העלפן מיט צו פארפעסטיקן דעם שאָלעם אף דער ערד. (אפלאָדיסמענטן.)

איר מעגט זיך פארלאָזן אפן סאָוועטישן פאָלק, וואָס סיי אין די ערשטע יאָרן נאָך זייַן גרויסער רעוואָלוציע, סיי אין די יאָרן פון בויען דעם סאָציאַליזם, סיי אין דער שלאכט קעגן פאשיזם, סיי אין די צענדליקער נאָכמילכאָמע־יאָרן, סיי איצט איז עס געווען און פארבלייבט אפן פאָדערשטן ראנד פונעם קאמף אינעם פארטיידיקן די אינטערעסן פון דער מענטשהייט. (שטורמישע, דויערנדיקע אפלאָדיסמענטן.)

איך וויל צום שלוס באדאנקען די אָרגאניזאטאָרן פונעם קאָנגרעס און אייך אלעמען, טייערע פריינט, דערפאר, וואָס איר האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט ארויסצוטרעטן פון אָט דער הייכער טריבונע. דערלויבט, כאָשעווע אָנטיילנעמער פונעם קאָנגרעס, ווינטשן אייך צום שלוס גרויסע דערפאָלגן אין אייער פרוכטבארער געמיינזאמער ארבעט, וועלכע — דערין בין איך זיכער — וועט געפינען אן אָפקלאנג אין די הערצער פון די מענטשן אף אלע קאָנטינענטן פון אונדזער פלאנעטע. (שטורמישע, דויערנדיקע אפלאָדיסמענטן. אלע שטעלן זיך אוף.)

---

**פאַר צווישנפעלקערלעכער זיכערהײַט און אנטוואָפענונג,**
**פאַר נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקײַט, מיטאַרבעט און שאָלעם**

# קאָמוניקע
# פונעם וועלט־קאָנגרעס
# פון די פרידנסליבנדיקע קרעפטן

דעם 25 — 31 אָקטיאַבער 1973 איז אין מאָסקווע פאָרגעקומען א וועלט־קאָנגרעס פון די פרידנסליבנדיקע קרעפטן. דאָס איז געווען דער סאַמע ברייטער פאָרום אין דער געשיכטע פון געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, וועלכער האָט פאַרייניקט פאָרשטייער פון 120 צווישנפעלקערלעכע און מער ווי פון 1.100 נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס און באַוועגונגען פון 143 לענדער.

די זיבן טעג אָפנהאַרציקע דיסקוסיעס, וועלכע זײַנען דורכגעגאַנגען אין אַן אַטמאָספער פון א קאָנסטרוקטיוון דיאַלאָג, האָבן אונדז דערלויבט אַלזײַטיק, נעמענדיק אין אַכט די פאַרשיידענע פּאָזיציעס, צו באַהאַנדלען די אַקטועלע און קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פון דער הײַנטיקער צײַט.

דער וועלט־קאָנגרעס איז געווען א וויכטיקער עטאַפּ אינעם קאַמף פון די פעלקער פאַר אײַנהײטן און פאַרפעסטיקן דעם שאָלעם. ער האָט אין דער אַנטוויקלונג פון א בעסערער קעגנזײַטיקער פאַרשטענדעניש און מיטאַרבעט צווישן די אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האַלטן זיך בא די סאַמע פאַרשיידענע פּאָליטישע און אַנדערע אָנשויונגען, אַרײַנגעטראָגן אַזא צושטײַער, וואָס איז ניט אָפּצושאַצן. דאָס גיט א נײַעם סטימול פאַר געמיינזאַמע אַקציעס.

פיל פון דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען די לעצטע צײַט אויף דער צווישנפעלקערלעכער אַרענע, פּלאַנצט האָפענונג און באַגײַסטערט. צום ערשטן מאָל נאָך דער צווייטער וועלט־מילכאָמע האָבן זיך באַוויזן סימאָנים, אַז די געפאַר פון א נײַער קאַטאַסטראָפע, א נאָך פיל מער שרעקלעכער לויט אירע מעגלעכע פאָלגן, הייבט אָן דערווײַטערן זיך. די אידיי פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ דעראָבערט אַלץ מער אָנהענגער סײַ אין די רעגירונגען, סײַ אויסער זיי. אַלץ מער הייבט מען אָן פאַרשטיין, אַז די זאָרג וועגן שאָלעם און זיכערהײַט פון די פעלקער קאָן ניט זײַן די זאַך בלויז פון א שמאָלן קרײַז גרויסע מעלוכעס.

און אָט דער פאַרשטאַנד באַוועגט די מעלוכעס — די גרויסע, מיטעלע, קליינע, סײַ יענע, וועלכע גייען אַרײַן אין פאַרשיידענע בלאָקן, גרופּירונגען, סײַ די נייטראַלע — אַקטיוו אַרײַנצוטראָגן זייער צושטײַער אין דעם אַלץ טיפער ווערנדיקן פּראָצעס פון לינדערן די אָנגעשטרענגטקײַט, פאַרפעסטיקן דעם באַטײַטפולן קער פון אַריבערגיין פון סינע, קאָנפראָנטאַציע און אָפּגעפרעמדטקײַט צו זאַכלעכער, גלײַכבאַרעכטיקטער מיטאַרבעט.

אָבער פיל פון דעם, וואָס קומט פאָר הײַנט, רופט אַרויס זאָרג און אומרו. די לינדערונג אין איינע ראַיאָנען ווערט באַגלייט מיט אופרײַסן פון אָנגעשטרענגטקײַט און אַגרעסיע אין אַנדערע, וואָס לייגט אומפאַרמײַדלעך אַרויף א ביין און גרויליקן שטעמפּל אויף די צווישנפעלקערלעכע באַציִונגען ביכלאַל. די באַמיִונגען צו דערגרייכן אַן אָפּשוואַכונג פונעם באַוואָפענונג־געיעג טרעפן אָן אויף אַן ערנסטן ווידערשטאַנד מיצאַד די קריגס־אינדוסטריעלע קאָמפּלעקסן, פון די מיליטאַריסטישע, אָפּן פאַשיסטישע און ראַסיסטישע רעזשימען. ניט געקוקט אויפן פּראָצעס פון דעקאָלאָניזאַציע, גיט זיך דעם קאָלאָניאַליזם נאָך אײַן צו באַרויבן אין פאַרשיידענע פאָרמען די פעלקער פון זייער אומאָפּהענגיקײַט און פון זייערע געזעצלעכע רעכט צו זײַן די פולע באַלעבאַטים אין זייערע אייגענע לענדער. עס ווערן געמאַכט בעקיוונדיקע פּרוּוון צו ווידער אויפלעבן דעם „קאַלטן קריג” און דערמיט גופע האַמעווען דאָס געזונט מאַכן די צווישנפעלקערלעכע אַטמאָספער, וואָס עס קומט פאָר די לעצטע צײַט.

מיר האָבן צוזאַמען געטראַכט וועגן דעם, וואָס די פרידנסליבנדיקע קרעפטן קאָנען און דאַרפן טאָן אין אַזא סיטואַציע, אויסנוצנדיק דעם אײַנפלוס פון דער עפנטלעכער מיינונג. מיר זײַנען געקומען צום אויספיר, אַז מע מוז אַקטיוו און קאָנטאַקטירט, אָפּלייגנדיק אין א זײַט אַלץ, וואָס צעטיילט אונדז, מיטווירקן

דעם זיך אָנגעהויבענעם פאָרויסמארש צו שאָלעם און זיכערהײַט. שטיצנדיק זיך אף זייער פרוכטבארער ארבעט, האָבן די פערצן קאָמיסיעס פונעם קאָנגרעס רעזומירט די פאָזיטיווע רעזולטאטן פון די דיסקוסיעס, וועלכע זײַנען פאָרגעקומען בא זיי, און האָבן אויסגעארבעט די אויספירן, דעם אלגעמיינעם צוגאנג צו די פראָבלעמען, וואָס באם לייזן זיי מיט דערפאָלג וועט עס ווערן, ווי מיר זײַנען איבערצײַגט, א גאראנטיע, אז די דערפאָלגן, וועלכע זײַנען אָפּגעהאלטן געוואָרן אין די 70־ער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט, וועלן ברענגען דערצו, אז אף אונדזער פלאנעטע וועט אײַנגעשטעלט ווערן א זיכערער שאָלעם.

מיר גיבן צו אן ערשטראנגיקע באדײַטונג די פאָלגנדיקע פראגן:

## די פרידלעכע קאָעקזיסטענץ און די צווישנפעלקערלעכע זיכערהײַט

דער שאָלעם קאָן ניט זײַן געזיכערט, אויב עס וועט אומעטום ניט אנערקענט און אײַנגעפירט ווערן אין דער פראקטיק דער פרינציפּ פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ פון די מעלוכעס, אומאָפּהענגיק פון זייער סאָציאלער אָרדענונג.

פרידלעכע קאָעקזיסטענץ באטײַט ניט פאָשעט, אז עס ווערט ניט געפירט קיין מילכאָמע; פרידלעכע קאָעקזיסטענץ גיט יעדן פאָלק די מעגלעכקײַט צו פארטיידיקן די זעלבשטענדיקײַט און סוווערעניטעט אין די ראמען פון פעסטע גרענעצן, אויך אנטוויקלען אף דער דאָזיקער באזע די אלזײַטיקע מיטארבעט וועלכע זיכערט די קעגנזײַטיקע פארבינדונג און קעגנזײַטיקע טעטיקײַט פון די פעלקער אין די אינטערעסן פון שאָלעם און אלגעמיינעם פראָגרעס.

פרידלעכע קאָעקזיסטענץ באטײַט ניט שאָלעם מאכן מיט אומגערעכטיקײַט; פארקערט, פרידלעכע קאָעקזיסטענץ זעט פאָרויס אן עפעקטיוון ווידערשטאנד קעגן אגרעסיע און דאָס רעכט פון די פעלקער צו קעמפן מיט אלע נייטיקע מיטלען פאר זייער פאָליטישער און עקאָנאָמישער באפרײַונג, פארן סאָציאלן פראָגרעס, פאר פרײַ באשטימען זייער גוירל אָן קיין שום ארײַנמישונג פון אויסן. און דערפאר אנטשפרעכט די פרידלעכע קאָעקזיסטענץ די אינטערעסן און די זיטלעכע באגריפן פון די פעלקער וועגן די פרינציפּן, אף וועלכע עס דארף זיך בויען דער יוישערדיקער שאָלעם.

פרידלעכע קאָעקזיסטענץ מאכט פאר אויסגעשלאָסן, עס זאָל אָנגעווענדט ווערן קראפט אין די באציִונגען צווישן מעלוכעס, זי זעט פאָרויס א בעמעס פרידלעכן כאראקטער פון די פארשיידנארטיקע מיטלען צו אײַנרעגולירן די שטרײַטן און כלוקעדייעס. טאקע אָט דער אומשטאנד מאכט די פרידלעכע קאָעקזיסטענץ פאר דער סאמע פעסטער באזע פון דער צווישנפעלקערלעכער זיכערהײַט. אלס אזא באזע קאָן ניט דינען די „גלײַכגעוויכט פון שרעק״: זי איז ניט שטאנדהאפטיק און געפערלעך, ווײַל זי פארהיט און בארעכטיקט די צוגרייטונג צו א מילכאָמע, זי פארהיט דעם מילכאָמע־פאָן באם לייזן צווישנפעלקערלעכע פראָבלעמען, זי פארשארפט די באוואָפנטע קאָנפראָנטאציע פון איינע גרופּעס מעלוכעס קעגן די אנדערע.

אן אלטערנאטיוו דערצו — און א פולקום רעאלע אלטערנאטיוו — איז שאפן פאָליטישע, עקאָנאָמישע, סאָציאלע, קולטורעלע און פסיכאָלאָגישע זיכערהײַט־גאראנטיעס. בלויז מיט דעם וועג קאָן מען בײַקומען די צעטיילונג פון דער וועלט אף קריגס־פאָליטישע בלאָקן, וועלכע שטייען איינער קעגן אנדערן, לייזן די אנדערע קארדינאלע פראגן פון קריגס־אנטשפאנונג. מיט דעם דאָזיקן וועג קאָן די אָרגאניזאציע פון די פאראייניקטע נאציעס אין דער פולער מאָס אויספילן איר ראָליע, זײַן אן עפעקטיווער אינסטרומענט אינעם זיכערן די צווישנפעלקערלעכע געפארלאָזיקײַט.

## אינדאָכינע

דער זיג פונעם וויעטנאמישן פאָלק, וואָס איז פארפיקסירט אין דער פאריזשער פארשטענדיקונג, אויך דער זיג פונעם לאאָסער פאָלק, וואָס איז פארפיקסירט אין דער פארשטענדיקונג און אינעם פראָטאָקאָל וועגן לאאָס, — זײַנען די גרעסטע דערפאָלגן פון די פאטריאָטישע קרעפטן, וועלכע האָבן געצוווּנגען דעם אמעריקאנער אימפעריאליזם צו אײַנגיין אף וועזנטלעכע האנאָכעס, געעפנט דעם וועג פאר א יוישערדיקער פאָליטישער אײַנרעגולירונג אין דעם דאָזיקן טייל פון דער וועלט.

דער אלגעמיינער סוינע פון אָט די פעלקער האָט זיך אָבער ניט אָפּגעזאָגט פון זײַנע אינטריגעס: אין קאמבאָדזשע ווערט די מילכאָמע פאָרגעזעצט; די סײַגאָנער אדמיניסטראציע, די רעאקציאָנערע קרעפטן פון לאאָס טוען מיט דער הילף פון די פאראייניקטע שטאטן אלץ, וואָס עס איז מעגלעך, קעדיי פארהאמעווען דאָס אײַנפירן אין לעבן די אונטערגעשריבענע פארשטענדיקונגען. מע מוז זיך דערשלאָגן, אז אלע צדאָדים פון דער פאריזשער און וויענטיאנער פארשטענדיקונגען זאָלן זיי אויספילן שטרענג און אָן שום טײַנעס.

עס מוזן פולשטענדיק אָפּגעשטעלט ווערן די קריגס־אָפּעראציעס קעגן די ראיאָנען, וועלכע ווערן קאָנטראָלירט דורך דער צײַטווײַליקער רעוואָליוציאָנערער רעגירונג פון דער רעפובליק דאָרעם־וויעטנאם; די פאָליטישע ארעסטירטע, וועלכע די סײַגאָנער מאכט־אָרגאנען האלטן אין די טפיסעס, דארפן טייקעף ווערן באפרײַט און איבערגעגעבן ווערן צו די אנטשפרעכיקע פארינטערעסירטע צדאָדים.

מע מוז אויך נעמען אין אכט די ערנסטקײַט פון דער געשאפענער לאגע, פאָדערן, אז די פאראייניקטע שטאטן און זייערע סאטעליטן זאָלן טייקעף אָפּשטעלן די אגרעסיע־אקטן און די ארײַנמישונג אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהײַטן פון קאמבאָדזשע — אין העסקעם מיט די פרינציפּן און צילן פון דער פאָליטישער פראָגראם פונעם נאציאָנאלן איינהײַטלעכן פראָנט און פון דער קיניגלעכער רעגירונג פון דער נאציאָנאלער איינהײַט פון קאמבאָדזשע.

עס דארף געטאָן ווערן אלץ, קעדיי אונטערהאלטן די פעלקער פון לאאָס, קאמבאָדזשע און וויעטנאם, וועלכע פירן אין פארשיידענע באדינגונגען א קאמף פאר זייער אומאָפּהענגיקײַט און פאר שאָלעם.

## דער נאָענטער מיזרעך

דער ניט לאנג צוריק פאָרגעקומענער מילכאָמע־אופרײַס אפן נאָענטן מיזרעך האָט מיט א טראגישער קראפט באשטעטיקט, ווי געפערלעך עס איז אָפּציִען אף א לאנגער צײַט די פרידלעכע אײַנרעגולירונג אין אָט דעם ראיאָן, — א לאגע, וועלכע איז ארויסגערופן געוואָרן דורך דער אומופהערלעכער ייִסראָעל־אגרעסיע, וואָס עס איז א סאקאָנע פארן שאָלעם, דורך דעם שטענדיקן אָפּזאָג פון ייִסראָעל צו אויספילן די באשלוסן פון דער אָרגאניזאציע פון די פאראייניקטע נאציעס און דורך די פאָלגן פון דער ביז איצט דויערנדיקער אָקופּאציע פון די אראבישע טעריטאָריעס. דער דאָזיקער מילכאָמע־אופרײַס האָט אויך באשטעטיקט, אז אין דער הײַנטיקער וועלט קאָן די אומקאָמפּראָמיסלעכקײַט פון ייִסראָעל ניט

האָבן קיין דערפאָלג. די לעצטע באַשלוסן פונעם זיכערהײַט־ראַט באַזירן זיך טאַקע אויף דער דאָזיקער האַנאָכע, זיי באַשטעטיקן אין טאָך, אַז אין די איצטיקע צווישנפעלקערלעכע באַציִונגען טאָרן ניט האָבן קיין אָרט פאַלן פון פאַרגעזעצלעכן צוואַנג־אַנעקסיעס. די דאָזיקע באַשלוסן ווײַזן אָן דעם ריכטיקן וועג צום טייקעפדיקן, יושרדיקן און פולן אײַנרעגולירן דעם קריזיס אויפן נאָענטן מיזרעך. דער יעסאָד פאַר אַזאַ אײַנרעגולירונג איז — טייקעף אויספילן די רעזאָלוציעס פונעם זיכערהײַט־ראַט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס פון 22, 23 און 25 אָקטיאַבער 1973, ייִסראָעל זאָל אין העסקעם מיט די פאָדערונגען פון דער רעזאָליוציע פונעם זיכערהײַט־ראַט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס נומ. 242, אין העסקעם מיט די גרונט־פּרינציפּן פונעם סטאַטוט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס פולשטענדיק אַרויספירן זײַן מיליטער פון אַלע אַראַבישע טעריטאָריעס, וועלכע ער האָט אָקופּירט, עס זאָלן אויך פולשטענדיק גאַראַנטירט ווערן די געזעצלעכע רעכט און די זיכערהײַט פון אַלע מעלוכעס און פעלקער פון דעם דאָזיקן רעגיאָן, אײַנגעשלאָסן די רעכט פונעם אַראַבישן פאָלק פון פּאַלעסטינע אויף אומקערן זיך אין זײַן היימלאַנד און אויף זעלבסטבאַשטימונג אין העסקעם מיט די רעזאָליוציעס פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס.

## די זיכערהײַט און מיטאַרבעט אין אייראָפּע

די דערפאָלגן פון דער לינדערונג אין אייראָפּע גייען אַרײַן אין דער אַלגעמיינער ליניע פון פאַרבעסערן די צווישנפעלקערלעכע באַציִונגען אין גאָר דער וועלט. די קעגנווירקונג קעגן דער אייראָפּעיִשער אַנטשפּאַנונג איז אויפן זעלבן אויפן ענג פאַרבונדן מיט די קאָנפליקטן און מיט דער אָנגעשטרענגטקײַט אין די אַנדערע ראַיאָנען פונעם ערדקײַלעך.

אָט פאַרוואָס עס איז אַזוי וויכטיק צו טאָן אַלץ, קעדיי פאַרגיכערן, פאַרברייטערן און פאַרטיפערן דעם פּראָצעס פון אַנטוויקלען די אייראָפּעיִשע זיכערהײַט, אָפּוואַרפן די קאָלערליי פּרוּוון צו פאַרלאַנגזאַמען אָדער קאָמפּראָמעטירן דעם דאָזיקן פּראָצעס. דאָס איז פאַרן שאָלעם אַזוי וויכטיק, אַז עס פאָדערט אַלץ מער אַקטיווע באַמיִונגען ניט בלויז מיצאַד די רעגירונגען, נאָר אויך מיצאַד די פעלקער גופע און מיצאַד די פאַרשיידנאַרטיקע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס פונעם אייראָפּעיִשן קאָנטינענט. באַזונדערס דאַרף מען זיך דערשלאָגן, אַז עס זאָלן אונטערגעשריבן ווערן, אין פּאַסיקע טערמינען און אויפן העכסטן ניוואָ, די שלוס־דאָקומענטן פון דער באַראַטונג וועגן זיכערהײַט און מיטאַרבעט אין אייראָפּע, אויך עס זאָל געגרינדעט ווערן אַ שטענדיקער אָרגאַן, וואָס זאָל מיטווירקן דער אָנגעהויבענער אַנטוויקלונג און גאַראַנטירן איר פאָרזעצונג.

די פּאָליטישע אַנטשפּאַנונג, באַקומענדיק איצט די פּריאָריטעט לעגאַבע דער מיליטערישער אַנטשפּאַנונג, איז פונדעסטוועגן ענג און אָרגאַניש קעגנזײַטיק מיט איר פאַרבונדן. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט דאַרף מען אַרויסטרעטן דערפאַר, אַז עס זאָל דערגרייכט ווערן אין די סאַמע קורצע טערמינען אַ פאַרשטענדיקונג וועגן אָפּשטעלן דעם באַוואָפענונגס־געיעג אין אייראָפּע, וועגן פאַרקירצן די צאָל נאַציאָנאַלע און אויסלענדישע באַוואָפנטע קרעפטן אין צענטראַל־אייראָפּע. די לאַגע איז אָבער אַזאַ, אַז אין אַ מאָמענט, ווען עס ווערט פאַרברייטערט דער פּראָצעס פון לינדערן די אָנגעשטרענגטקײַט, לייגן פאָר באַשטימטע קרײַזן, מע זאָל דעם אייראָפּעיִשן עקאָנאָמישן ראַט פאַרוואַנדלען אין אַ מיליטערישן בלאָק און אַפילו באַזאָרגן אים מיט זעלבשטענדיקע נוקלעאַרע מיטלען. אַזעלכע פּלענער, אויב זיי וואָלטן ווערן אַ רעאַלער פאַקט, וואָלטן זיי געבראַכט אָן ערנסטן שאָדן דער לינדערונג פון דער אָנגעשטרענגטקײַט. שטיצנדיק זיך אויפן פונדאַמענט פון דער פּאָליטישער און מיליטערישער זיכערהײַט, קאָן די גלײַכבאַרעכטיקטע עקאָנאָמישע, וויסנשאַפטלעכע, טעכנישע און קולטורעלע מיטאַרבעט — די פילזײַטיקע און צווייזײַטיקע — באַקומען אַ היפּשע אַנטוויקלונג. נוצלעכע קאָנטאַקטן און פאַרבינדונגען וואָלט מען ביפּראַט געקאָנט פאַרווירקלעכן צווישן די פאַרשיידענע עקאָנאָמישע פאַראייניקונגען אין אייראָפּע, באַזונדערס צווישן דעם ראַט פון עקאָנאָמישער קעגנזײַטיקער הילף און דעם אייראָפּעיִשן עקאָנאָמישן ראַט. וואָס שײַעך דער פאַרברייטערונג פונעם אַלזײַטיקן קולטור־אויסטויש, דאַרף זי פאַרלײַכטערן די קעגנזײַטיקע פאַרשטענדעניש און דעם צוטרוי צווישן די פעלקער.

## דער שאָלעם און די זיכערהײַט אין אַזיע

אַ דראָונג פאַר דעם שאָלעם און פאַר דער זיכערהײַט אין אַזיע איז קוידעמקאָל די אימפּעריאַליסטישע אַגרעסיע־פּאָליטיק, די אונטערײַסערישע טעטיקײַט און דאָס העצן אַזיאַטן קעגן אַזיאַטן.

די פעלקער פון אַזיע האָבן אָפּגעהאַלטן גרויסע דערפאָלגן אינעם קאַמף קעגן דער דאָזיקער פּאָליטיק. די פּאָליטיק פון ניט אַרײַנטרעטן אין די בלאָקן, וואָס בא איר האַלטן זיך אַ סאַך אַזיאַטישע לענדער, איז אַ ווערטפולער צושטײַער אינעם פאַרפעסטיקן דעם שאָלעם, די זיכערהײַט און מיטאַרבעט אין דעם דאָזיקן ראַיאָן. אָט די פּאָליטיק, וואָס איז לויט איר עצעם טאָך אַן אַנטי־אימפּעריאַליסטישע, דער העראָישער זיג פונעם וויעטנאַמישן פאָלק איבער דעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם, די נײַ־געבוירענע רעפּובליק באַנגלאַדעש, די אַרויסטרעטונגען פונעם יאַפּאַנישן פאָלק קעגן מיליטאַריזם, די שריט צו זיכערן אַ פעסטן שאָלעם אויפן אינדישן סובקאָנטינענט — דאָס אַלץ איז אַ צושטײַער אינעם קאַמף קעגן די אינטריגעס פון די אימפּעריאַליסטן. אין רעזולטאַט דערפון איז פאָרגעקומען אַן אַנטשיידענע ענדערונג פון דער קרעפטן־פאַרהעלטעניש לעטוּוועס שאָלעם און פרײַהײַט.

די אײַנרעגולירונג פון אַ ריי אויסערסט געפערלעכע קאָנפליקטן און קריזיסן, וועלכע זײַנען אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער אימפּעריאַליסטישער אַגרעסיע און אַרײַנמישונג, באַטאָנט נאָך בולטער די שאַרפקײַט און דעם גרויסן מאַסשטאַב פון די ניט געלייזטע פּראָבלעמען אין אַזיע, פּראָבלעמען, וועלכע שטערן דער סטאַביליזירונג פון די צווישנפעלקערלעכע פאַרהעלטענישן אויף דעם דאָזיקן קאָנטינענט. הײַנט באַשטייט די הויפּט־אויפגאַבע דערין, אַז מע זאָל דורך געמיינזאַמע פאַראייניקטע באַמיִונגען ברענגען צו אַ מאַפּאָלע די מאַניעווערן פונעם אימפּעריאַליזם, וועלכער שטרעבט צו אונטערײַסן די סוווערעניטעט פון די מעלוכעס, קעדיי קאָנען דערגרייכן זײַנע נעאָקאָלאָניאַליסטישע צילן.

די פּאָליטיק פון שאַפן אין אַזיע אַ קאָלעקטיווע זיכערהײַט־סיסטעם, וועלכע זאָל זײַן אָפן פאַר אַלע אַזיאַטישע מעלוכעס, אומאָפּהענגיק פון זייער סאָציאַלער אָרדענונג, דאַרף זיך באַזירן אויף די פּרינציפּן פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ, אַנטוויקלענדיק דעם באַנדונגער גײַסט. אַזאַ פּאָליטיק וועט אָן שום סאָפעק העלפן צו לייזן אַזעלכע וויכטיקע פּראָבלעמען, ווי טייקעף ליקווידירן די נאָך עקזיסטירנדיקע מילכאָמע־צענטערס און בײַקומען די פאָלגן פון דער אויסלענדישער אַגרעסיע און אַרײַנמישונג. אויף אָט דעם וועג איז נייטיק אָן אויפהער צו פאַרשטאַרקן דעם קאַמף פאַר דעם, אַז אַזיע און דער ראַיאָן פון־

נעם פאציפֿישן אָקעאַן זאָלן מער ניט וויסן פון נוקלעארע אויספרווון, פון אויסלענדישע קריגס־באזעס, פון מילכאָמע־בלאָקן. וואָס שנעלער אָנעמען די רעפובליק באנגלאדעש אין דער אָרגאניזאציע פון די פאראייניקטע נאציעס און פולשטענדיק נאָרמאליזירן די סיטואציע אין דאָרעם־אזיע, פארוואנדלען דעם אינדישן אָקעאַן אין א זאָנע פון שאָלעם — דאָס זײַנען די וועזנטלעכע עלעמענטן פון דער אזיאטישער זיכערהײַט, וואָס איר אידיי געפינט אלץ א גרעסערע שטיצע און פארדינט, אז די פארינטערעסירטע לענדער זאָלן זי באטראכטן אפן סאמע ערנסטן אויפן. אזא סיסטעם וואָלט געקאָנט מיטהעלפן דעם וווּקס פון דער אלזײַטיקער מיטארבעט צווישן די אזיאטישע לענדער אין די אינטערעסן פון זייער אנטוויקלונג און סאָציאלן פראָגרעס.

דער דיאלאָג צווישן צאָפן און דאָרעם, וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן לויט דער איניציאטיוו פון דער קאָרייִשער פאָלקס־דעמאָקראטישער רעפובליק, איז א נײַער טראָט צו דער פרידלעכער צוריק־פאראייניקונג פון קאָרייע אף א דעמאָקראטישער באזע, אָן דער ארײַנמישונג פון אויסן, האגאם די מאכט־אָרגאנען פון דאָרעם־קאָרייע שאפן שטערונגען אפן וועג צו דעם דאָזיקן ציל.

די רעגירונגען און אלע געזעלשאפטלעכע קרעפטן פון די לענדער פון אזיע שטייען פאר דער נייטיקייט צו געפינען א קאָנטאקט אינעם צוגאנג צו די פראָבלעמען פון שאָלעם און זיכערהײַט אפן קאָנטינענט. באם אויסארבעטן אזא צוגאנג וואָלט מען באדארפט האלטן זיך בא די אלגעמיין־אנערקענטע פרינציפן פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ און צווישנפעלקערלעכער זיכערהײַט, נעמענדיק אין אכט די פאָרגעלייגטע קאָנסטרוקטיווע אידייען און פרינציפן.

## אנטוואָפענונג

די לינדערונגס־אטמאָספער דארף אויסגענוצט ווערן אזוי, אז עס זאָל פראקטיש געלייזט ווערן די פראָבלעם פון אָפשטעלן דעם באוואָפענונגס־געיעג און פון אנטוואָפענונג. באקומענדיק אן איינצײַטיקע אנטוויקלונג, דארפן די פראָצעסן פון פארשטארקן די צווישנפעלקערלעכע אנטשפאנונג און די אנטוואָפענונג סטימולירן איינער דעם צווייטן. עס האנדלט זיך וועגן דעם, אז מע זאָל פון די מאָסמיטלען צו צוימען און באגרענעצן דעם באוואָפענונגס־געיעג אריבערגיין צו די פראקטישע שריט פון פארקירצן זיי, קוידעמקאָל צום פארבאָטן דאָס געווער פון מאסנפארניכטונג, האָבנדיק אינזינען די פערספעקטיוו פון אלגעמיינער און פולער אנטוואָפענונג.

צוליב די דאָזיקע צילן איז נייטיק:

— אז עס זאָלן שטרענג אויסגעפילט ווערן די שוין געשלאָסענע אָפמאכן און פארשטענדיקונגען וועגן אנטוואָפענונג, וואָס זייער באדײַטונג איז פאר אלעמען קלאָר, און אז צו זיי זאָלן זיך אָנשליסן יענע לענדער, וועלכע האָבן זיי נאָך ניט אונטערגעשריבן אָדער ניט ראטיפיצירט;

— אז אלע פינף נוקלעארע מעלוכעס זאָלן שליסן א פאקט וועגן ניט אָנווענדן קיין קויעך, אינעם פאקט זאָל זײַן די פארפליכטונג וועגן פארבאָטן אף אייביק די אָנווענדונג פון נוקלעארן געווער, וועגן פארקירצן זייערע קריגס־הויצאָעס, אויסנוצנדיק א טייל פון די באפרײַטע מיטלען אף געבן הילף די פעלקער פון די זיך אנטוויקלענדיקע לענדער, און אז זיי זאָלן זיכערן דאָס אָפשטעלן די אויספרווון פון נוקלעארן געווער אין אלע סוויוועס, פאָרנעמען ווײַטערדיקע פראקטישע שריט אף אָפצושטעלן דעם געיעג פון נוקלעארער ראקעטן־באוואָפענונג, אופהערן זיי צו פארפולקומען און פארווירקלעכן די אנטוואָפענונג;

— אז עס זאָלן פראקטיש פארווירקלעכט ווערן די פאָרשלאָגן וועגן שאפן זאָנעס, פרײַע פון נוקלעארן געווער, וועגן ליקווידירן די אויסלענדישע קריגס־באזעס, וועגן פארבאָטן צו האלטן נוקלעאר געווער אף אויסלענדישע טעריטאָריעס;

— אז עס זאָל וואָס גיכער צונויפגערופן ווערן די וועלט־קאָנפערענץ וועגן אנטוואָפענונג, עס זאָל געזיכערט ווערן דער דערפאָלג פון די אָנגעהויבענע אונטערהאנדלונגען וועגן פארקירצן אין אייראָפע די באוואָפענונג און די באוואָפנטע קרעפטן.

## די נאציאָנאלע באפרײַונגס־באוועגונג, דער קאמף קעגן קאָלאָניאליזם און ראסיזם

די פעלקער פון אזיע, אפריקע און לאטײַן־אמעריקע קעמפן קעגן דעם קאָלאָניאליזם, נעאָקאָלאָניאליזם, ראסיזם, אפארטעיד, נאציאָנאלער אונטערדריקונג, פאר נאציאָנאלער אומאָפהענגיקייט און שאָלעם.

די קרעפטן פון דער נאציאָנאלער באפרײַונג זײַנען איינער פון די הויפט־עלעמענטן פון דער אנטי־אימפעריאליסטישער וועלט־באוועגונג, פון בויען דעם אלגעמיינעם שאָלעם.

די נאציאָנאלע באפרײַונגס־באוועגונגען רעפרעזענטירן געזעצלעך זייערע פעלקער און לענדער.

אין אונדזער צײַט איז אן אומגעלומפערטער אנאכראָניזם די עקזיסטענץ פון קאָלאָניאלע און ראסיסטישע רעזשימען, וועלכע האלטן זיך אף טעראָר, אף ווירקלעך בארבארישער עקספלואטאציע פון מיליאָנען מענטשן. די דאָזיקע רעזשימען געניסן די פולע שטיצע פונעם צווישנפעלקערלעכן אימפעריאליזם, וועלכער באמיט זיך צו פארהיטן זיי, אָנקומענדיק צו די שענדלעכסטע מעטאָדן, צו אָפענער אגרעסיע. קאָלאָניאליזם און ראסיזם פארשארפן די אָנגעשטרענגטקייט אין פארשיידענע ראיאָנען פון דער וועלט.

אלזײַטיקע, אלמעגלעכע שטיצע און הילף דארפן געגעבן ווערן דער באפרײַונגס־באוועגונג פון די פעלקער פון אזיע, אפריקע און לאטײַן־אמעריקע, וועלכע קעמפן קעגן די קאָלאָניאלע און ראסיסטישע רעזשימען, פאר זעלבסטבאשטימונג און נאציאָנאלער מעלוכישקייט.

מע דארף זיך דערשלאָגן, אז די קאָלאָניאליסטישע, פאשיסטישע און ראסיסטישע רעזשימען פון פאָרטוגאל, דאָרעם־אפריקע און ראָדעזיע זאָלן זיך געפינען אין פולער איזאָליאציע.

מע דארף קעמפן פאר דער פולער נאציאָנאלער אומאָפהענגיקייט פון די פעלקער, וועלכע געפינען זיך נאָך אונטערן קאָלאָניאלן יאָך פון פשא, גרויס־בריטאניע, פראנקרײַך, האָלאנד און שפאניע. אלע קרעפטן פון דער וועלט דארפן קעמפן פאר פארווירקלעכן אין לעבן פולשטענדיק און אָן שום קאָמפראָמיסן די פילצאָליקע רעזאָליוציעס פון דער אָרגאניזאציע פון די פאראייניקטע נאציעס וועגן ליקווידירן דעם קאָלאָניאליזם, דעם אפארטעיד און די אנדערע פאָרמען פון ראסיזם. די דאָזיקע קרעפטן קעמפן אויך אקטיוו פאר פארווירקלעכן די רעזאָליוציע פון דער אָרגאניזאציע פון די פאראייניקטע נאציעס „צען יאָר אקציעס פון קאמף קעגן ראסיזם און ראסן־דיסקרימינאציע".

אלע פרידנסליבנדיקע קרעפטן דארפן פאָדערן, אז אלע מעלוכעס זאָלן אנערקענען די רעפובליק גוויניי־ביסאו.

## די אַנטוויקלונג און די עקאָנאָמישע אומאָפּהענגיקייט

דער לינדערונג־פּראָצעס, וואָס אַנטוויקלט זיך אין די צווישנפעלקערלעכע באַציִונגען, שאַפט בעסערע באַדינגונגען פאַרן לייזן די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען פון די לענדער פון דער „דריטער וועלט". די ניט געלייזטע פּראָבלעמען פון דעם מין, זייער פאַרקאָמפּליצירונג צוליב דער אימפּעריאַליסטישער אַרײַנמישונג און עקספּלואַטאַציע דראָעט מיט דער געפאַר, עס זאָלן אויפקומען נײַע צענטערס פון צווישנפעלקערלעכע קאָנפליקטן, אויפרײַס־סיטואַציעס.

מע טאָר ניט דולדן אַזאַ לאַגע, ווען אין די באַדינגונגען פון דער וויסנשאַפטלעך־טעכנישער רעוואָלוציע זאָל מען ניט קאָנען גויווער זײַן די ירושה פונעם קאָלאָניאַליזם און פון די קאָלאָניאַלע סאָציאַלע סטרוקטורן אין אַ ריזיקן טייל פון דער וועלט, ווען אין פיל ראַיאָנען פון דער וועלט ווילדעווען הונגער און קרענק, עס פאַרשווינדט ניט די אָפּגעשטאַנענקייט אין דער עקאָנאָמיק און קולטור, עס הערשט דער דאַלעס. ווער רעדט נאָך, אַז דאָס אַלץ ווערט פאַרטיפערט דורכן שאַנטאַזש און דרוק פון די צווישנפעלקערלעכע מאָנאָפּאָליעס, וועלכע האַלטן אונטער און פאַרשפּרייטן — אין בונד מיט דער אָרטיקער רעאַקציע — אַנטיפּאָלקישע, אָפּן פאַשיסטישע רעזשימען.

די אײַנגעשפּאַרטקייט און די שעפערישע באַמיִונגען פון די פעלקער פון די זיך אַנטוויקלענדיקע לענדער, וועלכע ווערן אונטערגעהאַלטן דורך דער ווירקזאַמער צווישנפעלקערלעכער סאָלידאַריטעט, זײַנען פייִק צו לייזן אָט די ברענענדיקע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, אויפהייבן דעם לעבנס־ניוואָ פון הונדערטער מיליאָנען מענטשן. אָט אין דעם דאַרף קומען צו הילף די פאַרקירצונג פון די קריגס־בודזשעטן אין אַלע לענדער, די שטרענגע אַכטונג צו די רעכט פון די פעלקער צו באַזיצן און זײַן די באַלעבאַטים פון זייערע נאַטור־רעסורסן, דאָס פאַרשטאַרקן אָן קיינע פּאָליטישע באַדינגונגען די עקאָנאָמישע און וויסנשאַפטלעך־טעכנישע הילף פאַר די זיך אַנטוויקלענדיקע לענדער.

## די נאַטור, וואָס רינגלט אַרום דעם מענטשן

די מענטשהײַט פאַרשטייט אַלץ קלאָרער די געפאַר, וועלכע איז פאַרבונדן מיט דעם, וואָס עס פאַרערגערט זיך אַלץ מער און עס ווערט כאָרעוו די נאַטור, וועלכע רינגלט זי אַרום. די פעלקער פון דער וועלט זײַנען בלוטיק פאַרינטערעסירט אין פאַרהיטן די רעסורסן פון דער ערד — אונדזער געמיינזאַמע היים. און דאָס פאָדערט אַן אַקטיווע אַלזײַטיקע צווישנפעלקערלעכע מיטאַרבעט און אַ ראַציאָנעלע אויסנוצונג פון די נאַטור־רעסורסן. אַן אָרגאַנישער טייל פון אַזעלכע באַמיִונגען דאַרף ווערן דער אײַנגעשפּאַרטער און קאָנסעקווענטער קאַמף פאַר דעם, אַז אַ טייל פון די מיטלען, וועלכע ווערן אויסגעגעבן אַף געווער, זאָל אַריבערגעפירט ווערן אַף די מאָסמיטלען צו אָפּהיטן און פאַרבעסערן דעם עקאָלאָגישן באַלאַנס, דעם מענטשנס לעבנס־באַדינגונגען און זײַן מי.

מע דאַרף זיך דערשלאָגן דערצו, אַז עס זאָל געמאַכט ווערן אַ סאָף צו די פאַלן פונעם אויסערסט געפערלעכן פאַרשמוציקן די סוויווע, וועלכע רינגלט אַרום דעם מענטשן, וואָס עס איז אַ רעזולטאַט פון די נוקלעאַרע אויספּרוּוון, פון וואַרפן אינעם וואַסער פון די טײַכן, יאַמען און אָקעאַנען ראַדיאָאַקטיווע און גיפטיקע שטאָפן.

## מיטאַרבעט אין געביט פון בילדונג און קולטור

די צווישנפעלקערלעכע קולטור־מיטאַרבעט, די פאַרברייטערונג פון די מענטשלעכע קאָנטאַקטן וועלן אָפּשפּילן אַ וואָרטפולע ראָליע, פאַרשטאַרקנדיק די קעגנזײַטיקע פאַרשטענדעניש צווישן די מענטשן און פעלקער, צעווייענדיק דעם אומצוטרוי, די אַלטע געוווינשאַפטן און אויסגעטראַכטע פאַלשע מיינונגען. זיי זײַנען באַרופן צו העלפן אינעם קאַמף קעגן דער פּראָפּאַגאַנדע פונעם מילכאָמע־פּסיכאָז, קעגן דער פאַשיסטישער און מיליטאַריסטישער אידעאָלאָגיע, קעגן שאָוויניזם און ראַסיזם, קעגן אַלץ, וואָס רײַסט אַרונטער דאָס מאָראַלישע געזונט פון דער פּערזענלעכקייט. אַזאַ עפעקט קאָן דערגרייכט ווערן בלויז אין דעם פאַל, אויב די מיטאַרבעט אין דעם געביט וועט געפירט ווערן אַפן יעסאָד פון דעמאָקראַטישע פּרינציפּן פון סוווערעניטעט, ניט־אַרײַנמישונג אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהײַטן, אַכטונג צו די היסטאָרישע טראַדיציעס און געזעצן פון יעדן לאַנד.

באַ אַזאַ צוגאַנג איז מעגלעך און נייטיק אַ מער ברייטע און מער פרײַע פאַרשפּרייטונג פון אינפאָרמאַציע, אַ פאַרבעסערונג פון די באַדינגונגען פון דער פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט פון די זשורנאַליסטן; דאָס שליסן — סײַ צווייזײַטיקע, סײַ אויך פילזײַטיקע — פאַרשטענדיקונגען און קאָנווענצן מיקויעך די פראַגן וועגן אויסנוצן די מיטלען פון מאַסן־אינפאָרמאַציע צוליב אַ ברייטערן אויסטויש פון גײַסטיקע ווערטן.

די פאָרמען פון צווישנפעלקערלעכער קולטור־מיטאַרבעט זײַנען פאַרשיידנאַרטיק. צווישן זיי פאַרנעמען אַ וויכטיק אָרט: מיטאַרבעט אין פראַט פון בילדונג, דערציִונג פונעם יונגן דאָר אין גײַסט פון די הויכע זיטלעכע אידעאַלן און פון אַכטונג צו אַלע פעלקער; אַקטיוויזירונג פונעם ביכער־אויסטויש; דאָס פאַרברייטערן און פאַרבעסערן די פּראַקטיק פון איבערזעצן אויסלענדישע אַווטאָרן; די אַנטוויקלונג פונעם טוריזם, דאָס פאַרלײַכטערן די רײַזעס פון בירגער אין אַנדערע לענדער צוליב פּראָפעסיאָנעלע און פּערזענלעכע מאָטיוון אַדג.

## עקאָנאָמישע און וויסנשאַפטלעך־טעכנישע מיטאַרבעט

עקאָנאָמישע און וויסנשאַפטלעך־טעכנישע מיטאַרבעט איז ניט בלויז אַ רעזולטאַט, נאָר אויך אַ גאַראַנטיע פאַר דער פרידלעכער קאָעקזיסטענץ. די אַנטוויקלונג פון אַזאַ מיטאַרבעט ווערט געשטערט ניט דורך די אונטערשיידן אין דער סאָציאַלער אָרדענונג פון די מעלוכעס, נאָר דורך דער צווישנפעלקערלעכער אָנגעשטרענגטקײַט, דעם באַוואָפענונגגעיעג, דער פּסיכאָלאָגישער מילכאָמע. וואָס טיפער עס וועט זײַן די נאָרמאַליזירונג פון דער אַטמאָספער אַף דער וועלט־אַרענע, אַלץ אַקטיווער וועלן אויסגענוצט ווערן אין די אינטערעסן פון דער נאַציאָנאַלער עקאָנאָמיק די מײַלעס פון דער צווישנפעלקערלעכער אַרבעט־צעטיילונג, פון דער וויסנשאַפטלעך־טעכנישער און אינדוסטריעל־עקאָנאָמישער קאָאָפּעראַציע — באַזונדערס אינעם פאַרווירקלעכן די צווישנפעלקערלעכע פּראָיעקטן פון גרויסן מאַסשטאַב.

די צווישנפעלקערלעכע עקאָנאָמישע מיטאַרבעט דאַרף זיך בויען אַף די פּרינציפּן פון גלײַכבאַרעכטיקונג, פון קעגנזײַטיקער לוינבאַרקײַט און פון זיכערן די סאַמע גינסטיקע באַדינגונגען פון האַנדל און פון אַנדערעווירטשאַפטלעכע פאַרבינדונגען. מע דאַרף אַנטשיידן באַזײַטיקן פון דער צווישנפעלקער־

לעכער פּראַקטיק די פּרוּוון צו אָנבינדן פּאָליטישע און דיסקרימינאַציאָנעלע באַדינגונגען, די פּרוּוון פון אַרײַנמישן זיך אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהײַטן פון די פּאַרטנעראָרן. די סיסטעם פון אַלוועלטלעכע ווירטשאַפטלעכע באַציִונגען דאַרף געבויט ווערן אַזוי, אַז זי זאָל אַנטשפּרעכן די אינטערעסן פון אַלע אירע אָנטיילנעמער, און ביפּראַט מיטהעלפן דער פאַרשטאַרקונג פון דער עקאָנאָמישער אומאָפּהענגיקײַט פון די זיך אַנטוויקלענדיקע מעלוכעס.

יעדער טראָט אַפן וועג צו דער רעאַלער אַנטוואָפענונג — דאָס איז אויך אַ טראָט אַפן וועג צו דער פרידלעכער רעקאָנווערסיע פון דער עקאָנאָמיק, וועלכע עפנט צוגאָבלעכע מעגלעכקײַטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון די סאַמע עפעקטיווע עקספּאָרט־צווײַגן און פאַר דער פאַרברייטערונג פון די צווישנפעלקערלעכע באַמיִונגען לעשעם דעם וויסנשאַפטלעך־טעכנישן פּראָגרעס.

## דער סאָציִאַלער פּראָגרעס, די רעכט פונעם מענטשן

די אַבסאָליוטע רעכט פון יעדן מענטשן איז — רעכט אַף לעבן און אַרבעט אין באַדינגונגען פון שאָלעם, פרײַהײַט און סאָציִאַלן יוישער.

די אַנטשפּאַנונגס־אַטמאָספער, די פרידלעכע קאָעקזיסטענץ און די פרײַנטלעכע מיטאַרבעט זײַנען אַ וועזנטלעכער עלעמענט פונעם סאָציִאַלן פּראָגרעס און פון זיכערן די רעכט פונעם מענטשן.

פונעם דאַלעס, אַרבעטסלאָזיקײַט, פון דעם גראָבן ברעכן די רעכט פונעם מענטשן לײַדן מער פון אַלץ די אַרבעטנדיקע. מענטשן קאָנען ניט זײַן פרײַ אין פולן זין פון וואָרט, אויב זיי זײַנען דערבײַ באַרויבט פון די סאָציִאַל־עקאָנאָמישע רעכט און פון זייער ווירקלעכער גאַראַנטיע, ווי אויך פון די בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט.

די מעלוכעס און רעגירונגען, וועלכע האָבן נאָך ניט אונטערגעשריבן אָדער ניט ראַטיפיצירט די צווישנפעלקערלעכע פּאַקטן וועגן די רעכט פונעם מענטשן, דאַרפן דאָס טאָן אומפאַרזאַמט, קעדיי די דאָזיקע פּאַקטן זאָלן ווערן גילטיק. עס דאַרף זײַן געזיכערט דער אַנטשפּרעכיקער מעכאַניזם, וואָס זאָל פאַרטיידיקן די רעכט פונעם מענטשן דאָרט, וווּ אַזאַ מעכאַניזם איז ניטאָ. צוליב דעם ציל דאַרפן פולשטענדיק אויסגענוצט ווערן די אָרגאַנען, וועלכע עקזיסטירן אין די ראַמען פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע נאַציעס

די פּאַראַנענע קאָנווענציעס וועגן די רעכט פונעם מענטשן, וועלכע האָבן אַ שײַכעס צו באַוואָפנטע קאָנפליקטן, זײַנען ניט בלויז ניט גענוגנדיקע, נאָר זיי ווערן אַפילע דורך אייניקע לענדער אַף אַ שענדלעכן אויפן איגנאָרירט. עס ווערן נאָך אַלץ אָנגעווענדט פּײַניקונגען. די אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע נאַציעס וואָלט באַדאַרפט אָנעמען ספּעציִעלע מיטלען אַף צו פאַריכטן אָט די טרויעריקע לאַגע.

יעדער מענטש האָט זײַנע הייליקע רעכט אַפן לעבן, און דאָס דאַרף פאַרטיידיקט ווערן דורכן געזעץ. די מעלוכעס דאַרפן שטרעבן אָפּצושאַפן פולשטענדיק די טויט־שטראָף. דאָס רעכט אַף לעבן איז אויך פאַרבונדן מיט דער פּראָבלעם פונעם רעכט אָפּצוזאָגן זיך צו אָפּנעמען דאָס לעבן בײַ אַנדערע. מע דאַרף אויסוואָרצלען אַלע פאָרמען פון דיסקרימינאַציע לויטן ראַסן־סימען, לויט דער נאַציִאָנאַליטעט, שפּראַך, רעליגיע און געשלעכט.

די אַרבעטס־באַדינגונגען דאַרפן פאַרבעסערט ווערן, שקלאַפערײַ און צוואַנג־אַרבעט — אָפּגעשאַפט ווערן. מע דאַרף פאַרבעסערן די סיסטעם פון געזונט־פאַרהיטונג און די וווינונגס־באַדינגונגען. עס איז נייטיק אַן אַלץ־אַרומכאַפּנדיקע, עפעקטיווע סיסטעם פון סאָציִאַלער פאַרזאָרגונג, ליקווידירן דעם אַנאַלפאַבעטיזם, אַנטוויקלען די אַלגעמיינע בילדונג. עס דאַרף געלייזט ווערן די פּראָבלעם פון אַרבעטער־אימיגראַנטן.

עס איז נייטיק צו אַנטוויקלען די מיטאַרבעט צווישן די מעלוכעס אַף אַ פאַרשיידענעם ניוואָ, דערונטער לויט דער ליניע פון צווישנפעלקערלעכע אָרגאַניזאַציעס, צווישן די פּראָפאַריינען, יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, פרויען־אָרגאַניזאַציעס, רעליגיעזע און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, אויך צווישן די יוריסטן, עקאָנאָמיסטן, סאָציִאָלאָגן און אַנדערע געלערנטע.

אין יעדן לאַנד דאַרף דער מענטש אַף אַ פולבאַרעכטיקטן אויפן באַנוצן זיך מיט די רעזולטאַטן פונעם סאָציִאַלן פּראָגרעס, מיטן גאַנצן סכום עקאָנאָמישע, סאָציִאַלע, בירגערלעכע, פּאָליטישע, קולטורעלע רעכט, וועלכע דאַרפן געזיכערט ווערן דורכן געזעץ און רעאַל גאַראַנטירט ווערן.

## מיטאַרבעט פון צווישן־רעגירונגס־אָרגאַניזאַציעס און פון אָרגאַניזאַציעס, וועלכע גייען ניט אַרײַן אין באַשטאַנד פון די רעגירונגען

עס זעט אויס צו זײַן באַזונדערס וויכטיק, אַז די באַמיִונגען, וועלכע ווערן איצט געמאַכט סײַ אַף אַ מעלוכישן ניוואָ — אַף צו באַשטעטיקן די פּרינציפּן פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ פון די מעלוכעס, סײַ אַף אַ ניט־רעגירונגס־ניוואָ — אַף צו פאַרשטאַרקן די אַנטשפּאַנונג און פאַרטיפן די מיטאַרבעט פון פאַרשיידענע פרידנסליבנדיקע קרעפטן, זאָלן געפינען זייער פאָרזעצונג אויך אינעם אַקטיוויזירן די מיטאַרבעט פון די צווישן־מעלוכישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס, אַזעלכע ווי די אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס, און די רעגיִאָנעלע — ווי די אָרגאַניזאַציע פון אַפריקאַנישער אייגנהײַט, די ליגע פון אַראַבישע לענדער און אַנד., פון איין זײַט, און פון די צווישנפעלקערלעכע ניט־רעגירונגס־אָרגאַניזאַציעס — פון דער צווייטער זײַט.

די מיטאַרבעט פון די דאָזיקע צוויי גרופּעס צווישנפעלקערלעכע אָרגאַניזאַציעס איז איינע פון די פאָרמען, ווען די געזעלשאַפטלעכקײַט נעמט אָן אָנטייל אין וועלט־איניאָנים, און דאָס איז אויסערסט וויכטיק אין אַ צײַט, ווען עס וואַקסט אָביעקטיוו די ראָליע פון די פרידנסליבנדיקע קרעפטן, וועלכע זײַנען פאַראייניקט אין פאַרשיידענע באַוועגונגען און אָרגאַניזאַציעס.

די ניט־רעגירונגס־אָרגאַניזאַציעס קאָנען מיטהעלפן אין דער טעטיקײַט פון די צווישן־רעגירונגס־אָרגאַניזאַציעס באַם לייזן די וויכטיקסטע צווישנפעלקערלעכע פּאָליטישע פּראָבלעמען, אַזעלכע ווי לייזן צווישנפעלקערלעכע קאָנפליקטן, שאַפן זיכערהײַט־סיסטעמען, לייזן די פראַגן פון אַנטוואָפענונג, פון קאַמף קעגן קאָלאָניִאַליזם און ראַסיזם, פון דער עקאָנאָמישער און סאָציִאַלער אַנטוויקלונג און פון אָפּהיטן די נאַטור, וואָס רינגלט אונדז אַרום. זיי קאָנען מיטהעלפן צו פאַרווירקלעכן אין לעבן די באַשלוסן פון די צווישן־רעגירונגס־אָרגאַניזאַציעס, אינפאָרמירנדיק די עפנטלעכקײַט און אויסדריקנדיק איר מיינונג לעטויוועס די אָנגעוויזענע ריכטונגען אין דער טעטיקײַט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס און פון די אַנדערע צווישנפעלקערלעכע אָרגאַניזאַציעס.

קעדיי קאָנען אויספילן די דאָזיקע אויפגאַבן, דאַרפן די ניט־רעגירונגס־אָרגאַניזאַציעס, סײַ די נאַציִאָנאַלע, סײַ די צווישנפעלקערלעכע, דערלערנען צוזאַמען און

באַשטימען די ספּער פון דער אַלגעמיינער פאַרינטערעסירטקייט און פון די געמיינזאַמע אַקציעס — באַזונדערס אין דעם פּראַט, וואָס האָט אַ שייַכעס צו דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע נאַציעס און אירע ספּעציאַליזירטע אינסטיטוציעס.

## טשילי

דער פאַשיסטישער פּוטש אין טשילי האָט דעמאָנסטרירט, ווי געפערלעך עס איז די פּאָליטיק פון די אימפּעריאַליסטישע, רעאַקציאָנערע קרעפטן פאַר די פעלקער, וועלכע האָבן אויסגעקליבן דעם וועג פון פרייַהייט, זעלבשטענדיקער, אומאָפּהענגיקער פּאָליטישער און סאָציאַלער אַנטוויקלונג. דאָס אַראָפּוואַרפן די געזעצלעכע רעגירונג פון פאָלקס־איינהייט פון סאַלוואַדאָר אַליענדע דערמאָנט וועגן דעם, אַז די צווישנפעלקערלעכע מאָנאָפּאָליעס, די קרעפטן פון דער אויסערלעכער און אינערלעכער רעאַקציע זייַנען אין יעדן מאָמענט גרייט אַריבערצוגיין צו אַ קאָנטר־אָנגריף, אייַנגעשלאָסן אַ באַוואָפנטע איבערקערעניש, אייַנפירן אַ קריגס־דיקטאַטור, דורכפירן בלוטיקע עקזעקוציעס איבערן פאָלק.

די דערפאַרונג פון טשילי באַווייַזט נאָכאַמאָל, אַז דער קאַמף פאַר די דעמאָקראַטישע אידעאַלן, פאַר די גרונט־פרייַהייַטן פונעם מענטשן, פאַר פאַרשטאַרקן די געזעצלעכקייַט און די רעכטלעכע אָרדענונג, וועלכע שטיצן זיך אויפן ווילן פונעם פאָלק, זייַנען אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דער אַקטיווער פּאָליטיק פון שאָלעם און גלייַכבאַרעכטיקטער מיטאַרבעט אויף דער צווישנפעלקערלעכער אַרענע. די טראַגעדיע פון טשילי איבערצייַגט נאָכאַמאָל, אַז די קרעפטן, וועלכע טרעטן אַרויס קעגן דער לינדערונג פון דער אָנגעשטרענגטקייַט, קעגן פאַרשטאַרקן די צווישנפעלקערלעכע זיכערהייַט, — דאָס זייַנען די זעלבע קרעפטן, וועלכע פּרוּוון פאַרהאַמעווען די באַוועגונג פון די פעלקער אויפן וועג צו נאַציאָנאַלער באַפרייַונג און סאָציאַלן פּראָגרעס.

די וואַקסנדיקע סאָלידאַריטעט מיטן פאָלק פון טשילי, דער קאַמף קעגן דעם טעראָר און געוואַלט פון דער כונטע, פאַר באַפרייַען אַלע דעמאָקראַטן און פּאַטריאָטן, פאַר דער עמעסער אויפריכטונג פון טשילי — דאָס אַלץ גיסט זיך אַרייַן אינעם שטראָם פון דער באַוועגונג פאַר פאַרשטאַרקן דעם אַלגעמיינעם, יוישערדיקן, דעמאָקראַטישן שאָלעם. די דאָזיקע באַוועגונג באַקומט בעעמעס אַ וועלט־מאַסשטאַב.

אַזאַ איז אונדזער אַלגעמיינער צוגאַנג צו די וויכטיקסטע פראַגן, וועלכע ווערן, לויט דער איינמוטיקער מיינונג פון די אָנטיילנעמער פונעם קאָנגרעס, אַרויסגעשטעלט הייַנט אין פאָדערגרונט. מיר זייַנען איבערצייַגט, אַז דער דאָזיקער צוגאַנג קאָן און דאַרף דינען אַלס גוטע, זאַכלעכע באַזע פאַר פּרוכטבאַרע, קאָנטאַקטירטע אַקציעס פון יענע אַלע, וואָס ניט בלויז זיי ווילן שאָלעם, נאָר זיי האָבן אויך בעדייע פּראַקטיש צו אַרבעטן פאַרן שאָלעם.

די צייַט וואַרט ניט. די באַמיִונגען בלויז פון די רעגירונגען איז ווייניק אויף צו שאַפן אַ סיסטעם פון צווישנפעלקערלעכע באַציִונגען, ווו אַ מילכאָמע וועט זייַן אומעגלעך און אַלע פעלקער און מעלוכעס וועלן קאָנען אין דער פולער מאָס געניסן פון די פּרוכטן פונעם שאָלעם, פון די רעזולטאַטן פון דער הייַנטצייַטיקער ציוויליזאַציע און וויסנשאַפטלעך־טעכנישער רעוואָליוציע. דאָס איז אַן אויפגאַבע פון אַלע מענטשן אויף דער וועלט.

די צייַט וואַרט ניט. מיר גלייבן, אַז דער קאָנגרעס וועט מאַכן אַ גוטן אָנהייב, וועט ווערן אַ מעכטיקער סטימול צום פאַראייניקן די באַמיִונגען פון אַלע פרידנסליבנדיקע באַוועגונגען לטובת דער צווישנפעלקערלעכער זיכערהייַט און אָנטוואָפענונג, נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייַט, מיטאַרבעט און שאָלעם.

די צייַט וואַרט ניט.

# רוף
# פונעם וועלט־קאָנגרעס
# פון די פרידנסליבנדיקע קרעפטן

מיר, די אָנטיילנעמער פונעם וועלט־קאָנגרעס פון די פרידנסליבנדיקע קרעפטן, וואָס האָבן זיך פארזאמלט אין מאָסקווע, ווענדן זיך צו אלע מענטשן פון דער וועלט מיט א רוף צו פארייניקן די באַמיִונגען, קעדיי זיכערן א יוישערדיקן און פעסטן שאָלעם אין גאָר דער וועלט!

אונדזער ווענדונג איז א רעזולטאט פון ראַיוינעס און דיסקוסיעס מיקויעך די וועגן צו א פעסטן שאָלעם. אין פיל הינזיכטן זײַנען אונדזערע אָנשויונגען אפן לעבן ניט איינע און די זעלבע. מיר זײַנען אָבער אלע מאסקים אין דעם איקער — א מילכאָמע טאָר ניט האָבן קיין אָרט אינעם לעבן פון דער מענטשלעכער געזעלשאפט, מע דארף זיכערן פאר יעדן פאָלק דאָס רעכט זעלבשטענדיק אויסצוקלײַבן זײַן וועג און אוועקשטעלן די גרויסע דערגרייכונגען פון דער וויסנשאפט און טעכניק צו דינסט דעם סאָציִאלן פראָגרעס.

אין דער לעצטער צײַט האָט דער צווישנפעלקערלעכער פאָליטישער קלימאט אָנגעהויבן צו פארבעסערט ווערן אדאנק דעם דערפאָלג פון די שאָלעם־קויכעס. דער טײַער קאָסטנדיקער און באלעסטנדיקער „קאלטער קריג" הייבט אָן אוועקגיין אין אָוואר. איצט האָט זיך באוויזן א רעאלע האָפענונג, אז דער הײַנטיקער און דער קינפטיקער דאָר וועלן קאָנען באפרײַט ווערן פונעם קאָשמאר פון א נוקלעארער קאטאסטראָפע. די פארביטערטקײַט און קאָנפראָנטאציע אין די צווישנפעלקערלעכע באציִונגען טרעטן בעהאדראָגעדיק אָפּ דאָס אָרט פאר דער קעגנזײַטיק לויבארערע מיטארבעט און פאר דעם גרעסערן צוטרוי צווישן די מעלוכעס.

עס איז שוין אָפּגעטאָן געוואָרן א סאך. נאָר ס'איז אָפּגעטאָן ווײַט ניט אלץ. אין דער וועלט עקזיסטירן נאָך ראַיאָנען, וווּ די אָנגעשטרענגטקײַט איז אזוי גרויס, ווי פריִער, וווּ עס זײַנען נאָך ניט ליקווידירט די אגרעסיע־צענטערס, וועלכע אנטהאלטן אין זיך א סאקאָנע פאר דער גאנצער מענטשהײַט. אין דער צײַט, ווען עס ווערן פארלייגט די יעסוידעס פאר באציִונגען פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ צווישן מעלוכעס מיט פארשיידענע סאָציִאלע סיסטעמען, האָבן נאָך אלץ ניט אוועקגעלייגט דאָס געווער יענע, וועלכע שטרעבן צו כאָרעוו מאכן דאָס, וואָס עס איז שוין אויסגעבויט, און אָפּווארפן די וועלט צוריק צו די צײַטן פון „קאלטן קריג". דער באוואָפענונגסגעיעג איז ניט אָפּגעשטעלט. די נוקלעארע באָמבעס זײַנען ניט פארניכטעט. די קריגס־בודזשעטן פון א סאך לענדער האלטן אין איין וואקסן. די מיליטערישע בלאָקן זײַנען ניט פאנאנדערגעלאָזט.

די קרעפטן פון אימפעריִאליזם, אגרעסיע און רעאקציע האלטן נאָך אלץ אין זייערע הענט די לעצטע שטיצפונקטן פונעם קאָלאָניִאליזם. זיי אָרגאניזירן פאשיסטישע פוטשן. זיי פלאנצן רײַסערײַ און סינע צווישן די פעלקער. קאָלזמאן עס בלײַבט נאָך כאָטש איין שפאן ערד, וווּ עס ווערט פארגאָסן בלוט און עס ווערן באגאנגען אגרעסיע־אקטן, קאָלזמאן מע זאָגט אָפּ כאָטש איין פאָלק אינעם רעכט אליין צו לייזן זײַן גוירל און ביז עס עקזיסטירן נאָך פאשיסטישע



1*

און ראַסיסטישע רעזשימען, וועלכע שטיקן דעם דע־מאָקראַטישן ווילן פונעם פאָלק, קאָן דאָס געוויסן פון דער מענטשהײַט ניט זײַן רויִק, דער ביניען פונעם פרידן וועט ניט האָבן קיין זיכערן פונדאַ־מענט.

די פעלקער פון דער וועלט דאַרפן מער ניט שאָ־לעם מאַכן דערמיט, וואָס א באַדײַטנדיקע צאָל וועלט־רעסורסן ווערט פאַרשווענדט אף דער צוגרייטונג צו א מילכאָמע. זיי טאָרן ניט שאָלעם מאַכן מיט דער שטענדיקער געפאַר פון מילכאָמע־פאַרניכטונג. א מילכאָמע איז ניט אומפאַרמײַדלעך, אָבער דער שאָ־לעם וועט געשטעלט ווערן אונטער א געפאַר, אויב מיר וועלן ניט קאָנען מאַכן א סאָף צו דער אומגע־רעכטיקייט, ווען 40 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג פון דער וועלט זײַנען פאַרורטיילט צו לעבן אף דער גרענעץ פון הונגער און עקאָנאָמישער דעגראַדאַציע.

די קריגס־הויצאָעס אין גאָר דער וועלט שטײַגן איבער אין דריטהאַלבן מאָל די הויצאָעס אף געזונט־פאַרהיטונג און אין אָנדערהאַלבן מאָל — אף בילדונג.

די ראַסן־דיסקרימינאַציע, דער קאָלאָניאַליזם און נעאָקאָלאָניאַליזם דערפירן די מענטשן פון גרויסע ראַיאָנען פון אַפריקע און פון אַנדערע טיילן פון דער וועלט ביז דער לאַגע פון שקלאַפן. דעמאָקראַטיש אויסגעוויילטע רעגירונגען ווערן אַראָפגעוואָרפן אָדער שאַנטאַזשירט; די פילנאַציאָנאַלע קאָרפּאָראַציעס באַ־דראָען די עקאָנאָמישע אומאָפּהענגיקייט פון די שוואַכע מעלוכעס און שאַפן שטערונגען פאַר זייער אַנטוויקלונג.

אין א סאַך לענדער ווערן איגנאָרירט די רעכט פונעם מענטשן; די מענטשן זײַנען באַרויבט פון זייערע פּאָליטישע, בירגערלעכע, עקאָנאָמישע, סאָ־ציִאַלע און קולטורעלע רעכט; כאָטש אָפן וואָרט איז די גלײַכע לאַגע פון די פרויען אַנערקענט, אָבער גאַנץ אָפט זײַנען זיי באַרויבט פון דער רעאַלער מעגלעכקײַט צו דערשלאָגן זיך גלײַכע רעכט מיט די מאַנצבלען; די רעכט פון די אַרבעטער ווערן ניט זעלטן פאַרטיידיקט ניט גענוג דורכן געזעץ. מע מוז שאַפן אַן עפעקטיוון מעכאַניזם אף צו פאַרבעסערן די פאַרטיידיקונג פונעם מענטשנס רעכט אין צווישן־פעלקערלעכן מאַסשטאַב און ניט שאַנעווען קיין מי צו דערשלאָגן זיך, אַז עס זאָלן ראַטיפיצירט און דורכגעפירט ווערן אין לעבן די פּאַקטן וועגן מענטשן־רעכט.

אין די לעצטע יאָרן און אַפילע אין די לעצטע וואָכן זײַנען באַגאַנגען געוואָרן שווערע פאַרברעכנס קעגן דער מענטשהײַט, פאַרברעכנס, וועלכע ליגן ווי א שווערע לאַסט אָפן געוויסן פון דער מענטשהײַט. עס זײַנען באַגאַנגען געוואָרן אַגרעסיע־אַקטן און שוידערהאַפטע בלוטיקע עקזעקוציעס; זיי ווערן פאַר־געזעצט נאָך ביז איצט. גענאָציד, עקאָציד, פּײַניקונג פון אַרעסטירטע, דאָס לאָזן אין גאַנג אַזעלכע מינים געווער, ווי נאַפּאַלם, מינע־פּאַסטקעס, פון וועלכע אַלע, וועמען זיי טרעפן נאָר, ווערן דערהאַרגעט אָדער פאַרווונדעט, איז, ליידער, געוואָרן אין אייניקע ראַיאָנען פון דער וועלט א געוויינלעכע זאַך. יעדער איינער ווייסט גאַנץ גוט וועגן אַזעלכע הימלשרײַענ־דיקע בײַשפּילן. מיר טאָרן ניט דערלאָזן, אַז די דאָ־זיקע פאַרברעכנס זאָלן ווערן א וואָכעדיקע דער־שײַנונג, אַז עס זאָל אָפּגעטעמפּט ווערן דאָס געפיל פון שוידער און צאָרן, וואָס ווערט אַרויסגערופן דורך אַזעלכע אַקטן. די פאַרברעכנס קעגן דער מענטשהײַט דאַרפן פּינקטלעך פעסטגעשטעלט און פאַרורטיילט ווערן אַלס אַזעלכע.

דער וועלט־קאָנגרעס פון די פרידנסליבנדיקע קרעפטן — דאָס איז א רעאַקציע פון די פּאָשעטע מענטשן פון דער וועלט אף די דראָונגען און אומגע־רעכטיקײַט, וועלכע האָבן אַן אָרט אין לעבן. ער רופט צו פאָרנעמען נײַע באַמיִונגען, אַז דאָס וויסן, די מי און די רײַכטימער פון דער מענטשהײַט זאָלן ברענגען גליק די מענטשן, ניט כורבנס און אונ־טערדריקונג.

## די פעלקער פאָדערן:

— אָנעמען און פאַרווירקלעכן די פּרינציפּן פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ, וועלכע זײַנען באַזירט אף צווישנפעלקערלעכער זיכערהײַט און קעגנזײַטיק לויִנבאַרער מיטאַרבעט צווישן די לענדער אין אַלע געביטן; אף אַכטן די טעריטאָריעלע גאַנצקײַט, נאַ־ציִאָנאַלע אומאָפּהענגיקײַט, די סוווערעניטעט, גלײַכ־באַרעכטיקונג פון אַלע מעלוכעס, אף ניט אַרײַנמישן זיך אין די אינערלעכע אַנגעלעגנהײַטן און אָפּזאָגן זיך פון דראָען מיט קראַפט אָדער אָנווענדן זי;

— ליקווידירן דעם ראַסיזם, קאָלאָניאַליזם און נעאָקאָלאָניאַליזם אין אַלע זייערע אַנטפּלעקונגען;

— פאַרווירקלעכן די אַלגעמיינע און פולשטענדיקע אַנטוואָפענונג; ליקווידירן אַלע קריגס־באַזעס און אַרויספירן דאָס אויסלענדישע מיליטער; ליקווידירן אַלע קריגס־בונדן;

אָנעמען א צווישנפעלקערלעכע קאָנווענץ, וועלכע פאַרבאָט צו אויסנוצן נוקלעאַר געווער, פּראָדוצירן, אויספּרווון און אָנזאַמלען עס;

— אָפּשטעלן די אַגרעסיע אין אַלע פאָרמען און מאַכן א סאָף צו יעטווידע פּרווון מיט קויעך צו דעראָבערן טעריטאָריעס פון אַנדערע מעלוכעס;

— אויסנוצן די רעסורסן, וועלכע ווערן איצט אויס־געבראַכט אף קריגס־צוועקן, אף אויסוואָרצלען דעם דאַלעס, דעם אַנאַלפאַבעטיזם און די קרענק, אף פאַרבעסערן די בילדונג, געזונט־פאַרהיטונג און די סאָציִאַלע פאַרזאָרגונג;

— באַזײַטיקן די אומגערעכטיקײַטן, עפעקטיווער פאַרטיידיקן די רעכט פונעם מענטשן;

— רעכט פאַר אַלע פעלקער צו באַזיצן און אָנ־ווענדן זייערע נאַציִאָנאַלע רעסורסן און דורכפירן סאָציִאַלע און עקאָנאָמישע איבערגעשטאַלטונגען לויט זייער אייגענעם אײַנזען;

— אויספילן די באשלוסן פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס, וואָס איז א נייטיקער באַדינג אף צו זיכערן דעם שאָלעם, די געפאַרלאָ־זיקײַט און דעם יוישער.

די דאָזיקע פאָדערונגען אַנטשפּרעכן די פּרינציפּן פונעם סטאַטוט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע נאַציעס, די פּרינציפּן פון דער באַנדונגער קאָנפערענץ, פון די קאָנפערענצן פון די נייטראַלע מעלוכעס, אויך די פּרינציפּן, וועלכע זיינען פּראָקלאַמירט אין די פאַרשיידענע פאַרשטענדיקונגען און דעקלאַראַציעס וועגן פאַרהיטן דעם שאָלעם און זיינען ניט לאַנג צוריק אונטערגעשריבן געוואָרן דורך די אָנפירער פון די מעלוכעס מיט פאַרשיידענע סאָציאַלע סיסטעמען.

צוליב די דאָזיקע צילן דאַרפן די נאַציאָנאַלע און צווישנפעלקערלעכע אָרגאַניזאַציעס קאָאָרדינירן זייערע באַמיִונגען צו מאָביליזירן די עפנטלעכע וועלט־מיינונג אַלס אַן עפעקטיוון אינסטרומענט פון שאָלעם. קעדיי צו דערגרייכן דאָס, איז נייטיק אָף אַ געהעריקן אויפן אָריענטירן די פּאָליטיק אין געביט פון בילדונג.

מיר רופן די גאַנצע צווישנפעלקערלעכע געמיינשאַפט צו באַפרייַען זיך פון די אָנשווייונגען, וועלכע האָבן געהאַט אַן אָרט אין די צייַטן פונעם „קאַלטן קריג" און, ריידנדיק מיט די ווערטער פונעם סטאַטוט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע נאַציעס, „אַרויסווייַזן טאָלעראַנץ און לעבן צוזאַמען, אין שאָלעם איינער מיטן צווייטן, ווי גוטע שכיינים". מיר זייַנען פול מיט אָנשלאָסנקייַט צו באַשיצן פון די מילכאָמע־אָנשיקענישן אונדזער דאָר און די קינפטיקע דורות, און מיר באַשטעטיקן ווידעראַמאָל אונדזער גלויבן אין די רעכט פונעם מענטשן און אינעם אַלגעמיינעם פּראָגרעס. בלויז אָף אָט דעם פונדאַמענט וועט קאָנען אויסגעבויט ווערן דער שאָלעם־ביניען, אויסגעבויט ווערן מיט די געמיינזאַמע באַמיִונגען פון אַלע מענטשן.

מיר ווענדן זיך צו אַלע, וועמען עס איז טייַער דער שאָלעם: דער פאַרנונפט און דער צוטרוי מוזן טריִומפירן אָף דער ערד. זיי קאָנען טריִומפירן. דאָס איז אָפּהענגיק פון יעדן איינעם פון אונדז.

---